**וזורע את המותר. ר׳ יוסי אומר, אם אין שם ארבע אמות לא יביא זרע לשם.**

**ח. הקנים היוצאים מן העריס וחס עליהם לפסקן, כנגדן מותר. עשאן כדי שיהלך עליהן החדש, אָסור.**

**ט. הפרח היוצא מן העריס רואין אותו כאלו מטוטלת תלויה בו.**

---

**שטאָק, צו 6 טפחים; דאָס הייסט, מען לאָזט איבער ביי דער וואנט 6 טפחים ליידיק אָרט לעבן די דריי וויינשטאָקן און 6 טפחים ליידיק אָרט לעבן די צוויי וויינשטאָקן, און דאָס איבריקע ליידיקע אָרט ביי דער וואנט מעג מען פאַרזייען. אָבער דער רמב״ם טייטשט, אז דאָס מיינט מען, ווען מען האָט פאר זיך צוויי ווענט, וועלכע זענען צונויפגעשטעלט ווי א „דלית״, און אין ווינקל איז אויף איין וואנט פאראן דריי וויינשטאָקן פון עריס און אויף דער צווייטער וואנט (אין זעלבן ווינקל) צוויי וויינשטאָקן פון עריס; איז דער דין אז מען דערווייטערט זיך וויפיל דאָס ארבייטס־אָרט מאכט אויס, דהיינו 6 טפחים, און מען מעג פאַרזייען דאָס איבריקע ליידיקע אָרט, וואָס געפינט זיך אין ווינקל צווישןביידע ווענט.** ר׳ יוסי זאָגט, אז אויב עס איז דאָרט ניט פאראן קיין ליידיקע פיר איילן טאָר מען דאָרט ניט פאַרזייען קיין תבואה. **ר׳ יוסי׳ס ווערטער קאָן מען איינטייטשן לויט ביידע פריערדיקע פירושים, און ר׳ יוסי האלט ווי זיין שיטה פריער פרק ה׳ משנה ד׳ וואו ער זאָגט, אז אפילו ווען איין וויינשטאָק געפינט זיך אין א גרוב צי א וויין־קעלטער דאַרף מען שוין האָבן ליידיקע פיר איילן, מחמת דאָס אָרט איז צו־ענג און עס זעט אויס ווי אלץ וואָלט געווען וויינשטאָק. אזוי איז אויך דאָ, סיי לויטן פירוש וועגן דער ליידיקער וואנט, סיי לויטן פירוש פון ווינקל, דאַרף מען האָבן 4 איילן.**

ח. הקנים, די שטעקלעך, וואָס שטעקן ארויס פון דעם עריס (פון די 5 וויינ־שטאָקן, וואָס זענען ארויפגעפלאָכטן אויף שטעקעלעך און טיילן פון די דאָזיקע שטעק־קעלעך שטעקן ארויס און אויף זיי איז ניט ארויפגעפלאָכטן קיין וויינשטאָק־צווייגן), און עס איז אים (דעם בעל הבית) א שאָד געווען זיי אָפּצוהאקן, מעג ער (פאַרזייען תבואה אויף דעם אָרט אויף דער ערד, וואָס איז) אונטער זיי (אונטער די ליידיקע שטעקעלעך). **דער טעם איז, ווייל דער בעל הבית האָט דאָך געלאָזן די ארויסשטארצנ־דיקע שטעקעלעך, ניט דערפאר ווייל ער האָט געוואָלט דאָס אויף זיי זאָלן זיך פארציען וויינשטאָק־צווייגן, נאָר סתם, עס איז אים א שאָד געווען זיי אָפּצוהאקן; דעריבער הייסט עס ניט, אז ער האָט זיי געמאכט פאר א טייל פון וויינשטאָק. עשאָן, אויב אָבער** ער האָט זיי געמאכט, כדי אז (ווען די וויינשטאָק־צווייגן וועלן זיך פאַרגרעסערן און צו־וואקסן) זאָל דער נייער צו־וואוקס ארויף אויף זיי, טאָר ער ניט (זייען אונטער די שטעקעלעך). **ווייל די מחשבה אליין, אז אויך אויף די דאָזיקע ליידיקע שטעקעלעך זאָלן ארויפקומען די וויינשטאָק־צווייגן, מאכט אז די שטעקעלעך זאָל הייסן א טייל פון וויינשטאָק.**

ט. הפרח, דאָס געבליעכץ, וואָס גייט ארויס פון עריס־וויינשטאָק (אויב א וויינ־שטאָק־צווייג ציט זיך ארויס פון עריס, פון די שטעקלעך, אָדער פון דער וואנט, און בלייבט הענגען אין דער לופט), דאַרף מען באטראכטן ווי א שנור־וואגע הענגט אראָפּ (פון דעם דאָזיקן געבליהעכץ), און (דאָס אָרט אויף דער ערד) אונטער דעם געבליהעכץ טאָר ניט (פאַרזייט ווערן). **די משנה רופט אָן מיטן וואָרט „פרח״ דאָס געבליהעכץ (ווי עס איז פאראן אין שיר השירים ו׳ „הפרחה הגפן״), די וויינשטאָק־צווייגן, וואָס שפּראָצן ארויס פון דער וויינשטאָק־וואנט און הענגען אין דער לופט. אפשר איז עס אויך פון וואָרט „פורח״, „פליהען״ אין דער לופט. כדי מען זאָל וויסן וואָס הייסט „די ערד אונ־טער דעם דאָזיקן געבליהעכץ״, וואָס מען טאָר ניט פאַרזייען מיט תבואה (לויטן דין פון „תחת הגפן״, ערד אונטער א וויינשטאָק״), זאָגט די משנה, אז מען דאַרף מעסטן מיט א גלייכער ליניע, ווי א שנור־וואגע, מיט וועלכער די וואָס בויען הייזער מעסטן, כדי**

**כנגדו אָסור. וכן בדלית. המותח זמורה מאילן לאילן, תחתיה אָסור. ספקה בחבל או בגמי, תחת הספוק מותר. עשאה כדי שיהלך עליו החדש אָסור.**

פרק ז.

**א. המבריך את הגפן בארץ, אם אין עפר על גבה שלשה טפחים,**

---

צו האָבן א גלייכע וואנט. מען הענגט אָן אויף איין עק שנור א שטיק בליי און מען לאָזט אַראָפּ די שנור וועלכע ציט זיך דעמאָלס אויס אין אַ גלייכער ליניע; אַזוי אַרום ווייסט מען פּינקטליך ביז וואנען עס ציט זיך אויף דער ערד דאָס אָרט, וואָס איז אונטער דעם ווײַנשטאָק־צווייג. דאָס וואָרט „מטולטלת" געפינט זיך עטליכע מאָל אין משנה און עס איז פון וואָרט „טלטל", באוועגן זיך". וכן, און אזוי איז אויך דער דין מיט א צווייג פון א דלית. דאָס הייסט, אז אויב פון ווײַנשטאָק, וואָס ליגט אויף א וואנט, שפּראָצט ארויס א צווייג, וואָס בלייבט הענגען אין דער לופט, מעסט מען אויך אזוי מיט דער שנור־וואגע, און אונטער דער צווייג טאָר מען ניט פארזייען. המותח, אז איינער ציט א ווײַנשטאָק־צווייג פון איין בוים צו אן אנדערן בוים (און די צווייג איז אזוי ארום ניט ארויפגעצויגן אויף קיין שטעקל, נאָר אין דער לופט) טאָר מען אונטער (דינער צווייג) ניט (פארזייען). ווי מיר האָבן שוין געזאָגט הייסט דאָס „תחת הגפן", „אונטער דעם ווײַנשטאָק" און מען טאָר ניט פארזייען אויף דער ערד, ווייל עס הייסט כלאים. אָבער פון ביידע זייטן פון דער צווייג, אויב זי געפינט זיך אויסער די 4 איילן פון דעם ווײַנשטאָק־שטאם־וואָרצל, מעג מען. ספקה, אויב (די צווייג פון ווײַנשטאָק וואָס איז געווען אָנגעבינדן אין איין בוים, איז ניט געווען גענוג לאנג כדי צו קאָנען אָנבינדן איר צווייטן עק אין אנדערן בוים, און) ער האָט צום צווייג צוגעבינדן א שטריקל אָדער א גראָז־שנור (און דאָס שטריקל צי דעם גראָז שנור צוגעבונדן צום בוים), מעג מען (פארזייען אויף דער ערד אונטער דעם שטריקל אָדער דעם שנור). „ספקה" איז דער טייטש „פארזאָרגן", געבן דעם צווייג וואָס ער דארף כדי צו ווערן לענגער. „גמי" איז פאראן עטליכע מאָל אין משנה, און איז דער טייטש א שנור געמאכט פון א הארטן וואסער־גראָז, („בולבראָש" אין ענגליש). עשאה, אויב אָבער ער האָט צוגעבונדן (דאָס שטריקל אָדער די גראָז־שנור) כדי עס זאָל דערויף זיך פארציען דער צווייג, וואָס וועט צו־וואקסן, טאָר מען ניט פארזייען (אונטער דעם שטריקל אָדער דעם גראָז־שנור). אפילו דעמאָלס ווען עס איז דערויף גאָרנישט ארויפגעצויגן געוואָרן קיין צו־וואוקס פון צווייג טאָר מען אויך ניט. דער טעם איז, ווייל, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ח׳, אז דורך זיין מחשבה מאכט ער, אז אויך דאָס שטריקל, וואָס דערויף איז נאָך ניט פארצויגן קיין ווײַנשטאָק־צווייג, ווערט פארערכנט אלס טייל פון ווײַנשטאָק.

פרק ז.

א. המבריך, אז איינער בייגט אריין דעם צווייג פון א ווײַנשטאָק אין דער ערד און ציט אים ווייטער אונטער דער ערד ביז דער ווײַנשטאָק קומט ארויס פון דער ערד און וואקסט דאָרט ווייטער שוין איבער דער ערד; דאָס הייסט „מבריך" פון וואָרט „ברך", קני, איינבייגן ווי א קני; אם אין, אויב עס איז ניטאָ ערד דיק דריי טפחים איבער אים (איבער דעם ווײַנשטאָק־צווייג אין דעם אָרט וואו ער געפינט זיך אונטער דער ערד) טאָר ער איבער דעם ווײַנשטאָק־צווייג ניט פארזייען (קיין תבואה אָדער ירקות). דער טעם איז, ווייל די וואָרצלן פון דער פארזייטער תבואה גייען ביז דריי טפחים, און דעריבער אויב עס איז ניטאָ קיין 3 טפחים וועלן די תבואה־און ירקות־וואָרצלן אריין אין ווײַנשטאָק־צווייג, און ווי מיר האָבן געלערנט אין פרק א׳ טאָר מען ניט מרכיב־זיין, גרעפטן, ארייַנפלאנצן תבואה און ירקות אין א בוים. דאָס וואָס די משנה זאָגט דאָ דוקא א ווײַנשטאָק, כאָטש אנדערע בוימער טאָר מען אויך ניט מרכיב זיין, זאָגן די מפרשים, ווייל נור אין א ווײַנשטאָק־צווייג, וועלכער איז ווייך, וועלן די

**לא יביא זרע עליה; אפילו הבריכה בדלעת או בסילון. הבריכה בסלע, אף על פי שאין עפר על גבה אלא שלש אצבעות, מותר להביא זרע עליה. הארכובה שבגפן אין מודדין לה אלא מן העיקר השני.**

**ב. ⁄המבריך שלש גפנים ועיקריהן נראים — ר׳ אליעזר בר׳ צדוק אומר, אם יש ביניהן מארבע אמות ועד שמונה, הרי אלו מצטרפות, ואם**

---

תבואה־און ירקות־וואָרצלן דורכברעכן. אפילו ער האָט איר מבריך־געווען (אריינ־געבויגן) אין א קירביס (דיניע) אָדער אין א רער. אויך אין דעם פאל איז דער דין אז אויב עס איז ניטאָ איבער דעם קירביס אָדער דער רער דריי טפחים ערד, טאָר מען איבער זיי ניט זייען. די מפרשים זאָגן, אז מען מיינט דאָ אז דער קירביס איז א אויס־געטריקנטער, ווייל אויב ניט טאָר מען דאָך ניט ארייננבייגן דעם וויינשטאָק אין קיר־ביס, מחמת עס איז דאָך „אילן בירק" (בוים אין גרינס) ווי מיר האָבן געלערנט אין פרק א׳. „סילון" איז א גריכיש וואָרט און איז דער טייטש „רער", רינגע, און די מפרשים זאָגן, אז דאָ מיינט מען א ערדענע רער, ווייל דורך א מעטאַלענער רער קאָ־נען די תבואה־וואָרצלן ניט דורכברעכן און מען מעג פארזייען אפילו ווען עס איז ניטאָ 3 טפחים ערד. הבריכה, אויב מען האָט אריינגעבויגן (דעם וויינשטאָק־צווייג) אין א פעלזן־שטיין, איז אפילו איבער דעם פעלזן־שטיין איז ניט פאראן מער ערד ווי די דיק פון דריי פינגער מעג מען איבער אים פארזייען. א טפח איז 4 גראָבע פינגער פון מענטשס האנד אָדער 5 מיטעלע פינגער. זאָגט די משנה, אז אויב צווישן דער תבואה און דעם וויינשטאָק איז מפסיק א פעלזן־שטיין מעג מען פארזייען אפילו ווען דאָרט איז ניט פאראן קיין טפח ערד, ווייל די וואָרצלן וועלן דעם שטיין ניט דורכ־ברעכן. טייל טייטשן „סלע" שטיין־הארטע ערד. הארכובה, אן אויסבייג אין א וויינ־שטאָק, רעכנט מען אים נור פון צווייטן וואָרצל. כדי צו פארשטיין די משנה וועלן מיר דאָ געבן עטליכע אויפקלערונגען. ערשטנס, דאָס וואָרט „ארכובה" די קני איז דער טייטש דער אויסבייג פון א פוס. דערפון רופט מען אויך „ארכובה" יענעם טייל אין אן אריינגעבויגענע וויינשטאָק וואו דער וויינשטאָק צווייג קומט צוריק ארויס פון דער ערד און ציט זיך ווייטער און עס מאכט דעם איינדרוק ווי עס איז אן אנדערער וויינשטאָק. צווייטנס, דער דין איז אז מען טאָר ניט זייען תבואה זעקס טפחים ארום איינצלנע וויינשטאָקן. די שאלה איז, אויב מען בייגט־ארײַן א וויינשטאָק אין דער ערד און ער קומט ארויס פון דער ערד ווייטער, פון וואנען דארף מען רעכנען די 6 טפחים? צי פון דעם ערשטן אָרט, וואו דער וויינשטאָק איז פארפלאנצט, צי פון דעם „צווייטן וואָרצל", פון וואנען דער איינגעבויגענער וויינשטאָק קומט ארויס? זאָגט די משנה, אז מען מעסט פון צווייטן וואָרצל. די מפרשים זאָגן, אז דאָס איז נאָר ווען מען זעט ניט ארויס דעם ערשטן וואָרצל אָבער אויב מען זעט אים דארף מען מעסטן פון ערשטן וואָרצל.

ב. המבריך. אז מען בייגט אריין דריי וויינשטאָקן אין דער ערד (און זיי קומען ארויס פון דער ערד ווייטער), און מען זעט ארויס זייערע וואָרצלן, זאָגט ר׳ אליעזר בר צדוק, אז אויב עס איז פאראן צווישן זיי (סיי צווישן איין וויינשטאָק און דעם צווייטן און סיי ביי יעדן וויינשטאָק צווישן דעם „ערשטן וואָרצל" און דעם „צווייטן וואָרצל") פון פיר איילן ביז 8 איילן, ווערן זיי פארערעכנט צוזאמען און אויב ניט ווערן זיי ניט פארערעכנט צוזאמען. ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין די פרקים הייסט א „וויינ־גאָרטן" נאָר ווען עס זענען פאראן צוויי שורות וויינשטאָקן („צוויי קייגן צוויי און איינער גייט ארויס ווי א עק"). זאָגט ר׳ אליעזר בר צדוק, אז אן אריינגעבויגענער וויינשטאָק מיט א „ערשטן וואָרצל" און א „צווייטן וואָרצל", ווערט פארערעכנט פאר צוויי וויינשטאָקן, אויב עס איז צווישן די צוויי וואָרצלן פאראן ניט ווינציקער פון פיר איילן און ניט מער פון 8 איילן; און ממילא ווערן די דריי וויינשטאָקן פארערעכנט פאר

**לאו, אינן מצטרפות. גפן שיבשה, אסורה ואינה מקדשת. ר' מאיר אומר, אף צמר גפן אסור ואינו מקדש. ר' אליעזר בר צדוק אומר משמו, אף על גבי הגפן אָסור ואינו מקדש.**

**ג. אלו אוסרין ולא מקדשין: מותר חרבן הכרם, מותר מחול הכרם.**

---

6 וויינשטאָקן און זיי הייסן א וויינגאָרטן; ווי מיר האָבן געלערנט דאַרף מען פון א וויינגאָרטן דערווייטערן תבואה 4 איילן. גפן, א וויינשטאָק, וואָס איז געוואָרן אויסגע־טריקנט (אויסגעדאַרט), טאָר מען ניט (פאַרזייען לעבן אים קיין תבואה), אָבער ער איז ניט „מקדש". מיר האָבן שוין דערקלערט, אז ביי כלאים פון א וויינגאָרטן זענען פאַראַן צוויי זאכן. איינס איז, וואָס מען טאָר ניט פאַרזייען קיין תבואה און ירקות אין א וויינגאָרטן. דאָס צווייטע איז, אז אויב מען האָט יאָ פאַרזייט איז עס „מקדש", מען טאָר דערפון ניט עסן און ניט הנאה האָבן, נאָר מען מוז אלץ פאַרברענען. די משנה וועט דאָ באלד אויסרעכענען אזעלכע פאַלן, ווען פאַרזייען טאָר מען ניט, און דאָס רופט אָן די משנה „אוסר"; אָבער אויב מען האָט פאַרזייט מעג מען עס עסן און הנאה האָבן דער־פון און מען דאַרף עס ניט פאַרברענען, און דאָס רופט אָן די משנה „אינו מקדש", ניט מקדש. לעבן אן אויסגעדאַרטן וויינשטאָק טאָר מען ניט פאַרזייען (די מפרשים זאָגן צוליב „מראית עין", מענטשן זאָלן ניט מיינען, אז מען פאַרזייט לעבן א גוטן וויינ־שטאָק), אָבער מקדש איז ער ניט, און אויב מען האָט פאַרזייט מעג מען עס נוצן. ר' מאיר זאָגט, אז אויך באוועל (צמר גפן) איז אסור אָבער מקדש איז ער ניט, דער רמבם טייטשט די משנה, אז מען טאָר ניט פלאַנצן אין א וויינגאָרטן דעם באוול־בוים, אָבער אויב מען האָט אים יאָ געפלאַנצט איז ער ניט מקדש, ווייל עס איז ניט קיין מין גרינס (און קיין תבואה איז עס אודאי ניט).ר' אליעזר בר צדוק זאָגט־נאָך אין זיין נאָמען, אז אויך איבער דעם וויינשטאָק־צווייג (וועלכער איז אריינגעבויגן אין דער ערד און איבער אים איז ניטאָ קיין דריי טפחים ערד) איז אסור (צו פאַרזייען תבואה צו ירקות) אָבער ער איז ניט מקדש. און אויב מען האָט יאָ פאַרזייט מעג מען עס נוצן. דער דין גייט ארויף אויף דעם דין פריער אין דער משנה א'.

ג. אלו, די דאָזיקע זאכן אסר'ן אָבער זיי זענען ניט מקדש: מותר חרבן הכרם, דאָס איבריקע ליידיקע אָרט פון א „חרבן הכרם". די משנה מיינט דאָ דעם דין פריער אין פרק ד' משנה א' אז ביי א „קרחת הקרם", א וויינגאָרטן, וואָס איז אין דערמיט חרוב געוואָרן, איז אויב עס איז ניטאָ קיין 16 איילן צווישן די געבליבענע שורות וויינ־שטאָקן טאָר מען ניט פאַרזייען ניט נור דעם „עבודת הכרם", דאָס אָרט צו 4 איילן איןביידע זייטן לעבן די וויינשטאָקן־שורות, נאָך אויך ניט דעם „מותר", די איבער־געבליבענע ניט־גאַנצע 8 איילן. זאָגט דאָ די משנה, אז דעם דאָזיקן מותר טאָר מען ניט פאַרזייען, אָבער אויב מען האָט יאָ פאַרזייט מעג מען עס נוצן; עס איז ניט מקדש. מותר מחול הכרם, דאָס איבריקע ליידיקע אָרט פון „מחול הכרם". דאָס גייט ארויף אויף דער משנה ב' אין פרק ד', אז ביי „מחול הכרם", צווישן די וויינשטאָקן און דעם צוים (גדר), אויב עס איז ניטאָ 12 איילן, טאָר מען ניט זייען ניט נאָר דעם „עבודת הכרם", די 4 איילן ביי די וויינשטאָקן, נאָר אויך ניט דעם „מותר", די איב־ריקע ניט־גאַנצע 8 איילן. זאָגט די משנה אז זייען טאָר מען ניט אין דעם מותר, אָבער מקדש איז ער ניט, אויב מען האָט יאָ פאַרזייט. מותר פסקי ערים, דאָס איבריקע לייי־דיקע אָרט פון די שטיקער פון ערים. דאָס גייט ארויף אויף דעם דין אין פרק ו' משנה ו' אז אויב פון 11 וויינשטאָקן אין איין שורה (ארויפגעפלאָכטן אויף שטעקלעך, וואָס הייסט „עריס") איז חרוב געוואָרן איין וויינשטאָק אין דערמיט און עס זענען געבליבן 5 פון איין זייט און 5 פון דער צווייטער זייט, איז אויב עס איז צווישן זיי ניט פאַראַן 8 איילן און עפּיס נאָך" טאָר מען ניט פאַרזייען ניט נור די 6 טפחים לעבן די וויינ־שטאָקן („עבודת הגפן" איז 6 טפחים), נאָר אויך ניט דעם מותר, דאָס איבריקע לייי־

מותר פסקי ערים, מותר אפיפירות, אבל תחת הגפן ועבודת הגפן וארבע אמות שבכרם, הרי אלו מקדשות.

ד. ה. המסכך את גפנו על גבי תבואתו של חברו הרי זה קידש וחייב באחריותו. ר׳ יוסי ור׳ שמעון אומרים אין אדם מקדש דבר שאינו שלו. אמר ר׳ יוסי, מעשה באחד שזרע את כרמו בשביעית, ובא מעשה לפני ר׳ עקיבא, ואמר, אין אדם מקדש דבר שאינו שלו.

ו. האנס שזרע את הכרם ויצא מלפניו, קוצרו אפילו במועד. עד

---

דיקע אָרט פון איבער 6 איילן. דעם דאָזיקן „מותר״ זאָגט דאָ די משנה, טאָר מען ניט פארזייען, אָבער מקדש איז ער ניט. מותר אפיפירות, דאָס איבריקע ליידיקע אָרט אויף שטעקעלעך. דאָס גייט ארויף אויף דער משנה ג׳ אין פרק ו׳, אז איינער לייגט ארויף א ווײנשטאָק אויף א טייל פון וואנט פון שטעקעלעך, טאָר מען אויך ניט זייען אונטער דעם „מותר״ אונטער דעם טייל וואנט שטעקלעך (אפיפירות), וואָס אויף אים ליגט ניט דער ווײנשטאָק־צווייג; זאָגט די משנה דאָ, אז פארזייען טאָר מען ניט, אָבער מקדש איז עס ניט. אָבל, אָבער תחת הגפן, אונטער דעם ווײנשטאָק (אפילו אונטער די צווייגן פון ווײנשטאָק), ועבודת הגפן, די 6 טפחים ארום דעם ווײנשטאָק (דער ליידי־קער „ארבייטס־אָרט״ אָרום אן איינצלנעם ווײנשטאָק), וארבע אמות שבכרם, די 4 איילן לעבן א ווײנגאָרטן (דאָס הייסט אויך „עבודת הכרם״, דאָס ליידיקע „ארבייטס־אָרט״ לעבן דעם ווײנגאָרטן), די אלע זענען (אויך) מקדש. און ניט נור מען טאָר ניט פארזייען דאָרט תבואה צי ירקות, נאָר אויב מען האָט פארזייט מוז מען פארברענען סיי דאָס פארזייטע, סיי דעם ווײנגאָרטן.

ד.ה. ווען איינער דעקט אריבער זיין ווײנשטאָק (צווייגן) איבער דער תבואה פון זיין שכן, איז עס מקדש (מען דארף די תבואה פארברענען) און ער (דער וואָס האָט אריבערגעדעקט) דארף באצאָלן פאר דעם שאָדן. ווי מיר האָבן אין דער פאריקער משנה געלערנט, איז תבואה, וואָס איז פארזייט אונטער די צווייגן פון א ווײנשטאָק, „מקודש״, און מען דארף זי פארברענען. די משנה דאָ לערנט, אז אויב מען פארציט דעם ווײנשטאָק איבער א פרעמדענס תבואה, איז מען איר אויך מקדש, און דער וואָס האָט דאָס געטאָן, דארף באצאָלן פאר דעם שאדן. דאָס וואָרט „חייב באחריותו״ איז דער טייטש „שולדיק פאר זיין פאראנטוואָרטליכקייט״, פאר זיין זיכערקייט. ר׳ יוסי און ר׳ שמעון זאָגן, אז א מענטש קאָן ניט מקדש־זיין א זאך וואָס איז ניט זיינס. זיי זאָגן, אז די תבואה איז יאָ מותר, מחמת מען קאָן ניט אסרן אין כלאים א פרעמדנס א זאך, ווייל די תורה דברים כ״ב זאָגט „לא תזרע כרמך כלאים״, און „כרמך״ הייסט „דיין גאָרטן״. אמר, האָט ר׳ יוסי געזאָגט, עס איז געווען א מעשה מיט איינעם, וועלכער האָט פארזייט (מיט תבואה צי ירקות) זיין ווײנגאָרטן אין שמיטה־יאָר, און די שאלה איז געקומען פאר ר׳ עקיבא, און ער האָט געזאָגט, אז א מענטש קאָן ניט מקדש זיין א זאך וואָס איז ניט זיינס. אין שמיטה־יאָר זענען אלע פעלדער און ווײנגערטנער הפקר, און יעדער קאָן נעמען די תבואה און פרוכטן; דעריבער האָט ר׳ עקיבא געפסקנט, אז דער בעל הבית פון ווײנגאָרטן האָט ניט געקאָנט אסרן מחמת כלאים דעם ווײנגאָרטן פארזייענדיק אין אים תבואה, ווייל אין שמיטה־יאָר איז דער ווײנגאָרטן ניט זיינער, און א מענטש קאָן ניט אסר׳ן (צוליב כלאים) דאָס וואָס איז ניט זיינס. — די דאָזיקע משנה איז די איינציקע אין גאנץ משניות, וואָס האָט צוויי ציפערן „ד״ און „ה״ צוזאמען. אזוי איז פאראן אין רמבם (אין פירוש המשניות), ר״ש, ברטנורא, תוספות יום טוב און אנדערע מפרשים. דער „מלאכת שלמה״ בא־מערקט דאביי, אז אפשר האָט זיך אָנגעהויבן פון „אמר ר׳ יוסי״ די משנה ה׳. די „תוספות אנשי שם״ ברענגען דערויף א דערקלערונג לויט קבלה.

ו. האנס, אז א גזלן (וואָס האָט צוגע׳גזלט ביי איינעם א ווײנגאָרטן) האָט פאר־

**כמה הוא נותן לפועלים? עד שליש. יתר מכאן קוצר כדרכו והולך אפילו לאחר המועד. מאימתי הוא נקרא אנס? משישקע.**

**ז. הרוח שעלעלה את הגפנים על גבי תבואה יגדור מיד. אם ארעו אונס מותר. תבואה שהיא נוטה תחת הגפן, וכן בירק, מחזיר ואינו**

זייט (תבואה צו ירקות) אין וויינגאָרטן, און דער גזלן איז דערנאָך אוועק פון דעם וויינגאָרטן (און דער פריערדיקער בעל הבית האָט אים צוריק איבערגענומען) מעג דער בעל הבית אפשניידן די תבואה אפילו אין חול המועד. מיר האָבן שוין פריער געלערנט אין דער משנה, אז ווען א פרעמדער פארזייט תבואה אין א וויינגאָרטן ווערט דער וויינגאָרטן ניט אסור מחמת כלאים, ווייל קיינער קאָן ניט אסרן וואָס עס איז ניט זיינס. אויב אָבער דער בעל הבית זעט די תבואה וואקסן און שניידט זי ניט אָפּ באלד, ווערט שוין דער וויינגאָרטן אסור, ווייל דאָס ניט אָפּשניידן די תבואה, ווייזט, אז דער בעל הבית וויל עס לאָזן וואקסן; דאָס הייסט „מקיים", לאָזן וואקסן כלאים. זאָגט דאָ די משנה, אז ווען דער בעל הבית נעמט צוריק איבער פון גזלן דעם וויינגאָרטן, וואָס איז פארזייט מיט תבואה, מוז ער באלד אָפּשניידן די תבואה, אפילו אין חול המועד, ווען מען טאָר קיין מלאכה ניט טאָן, סיידן עס איז א „דבר האבד" א זאך וואָס וועט פארלוירן גיין, אויב מען וועט עס ניט באלד טאָן. „אנס" איז דער טייטש „באצוויב־גער", א גזלן, וואָס נעמט צו מיט גוואלט. עד כמה, ביז וויפיל דארף ער צאָלן די ארבייטער? ביז א דריטל. דאָס הייסט ביז א דריטל מער ווי מען צאָלט געוויינליך ארבייטער פאר אזא ארבייט; איין אמורא אין ירושלמי טייטשט ביז א דריטל פון ווערט פון די פרוכטן פון וויינגארטן און פון דער תבואה. יתר מכאן, אויב (די אר־בייטער פארלאנגן) מער ווי דאָס (ווי א דריטל), מעג ער שניידן ווי זיין שטייגער איז (וויפיל ער קאָן), אפילו (ער דארף א טייל פון שניידן אָפּלייגן) ביז נאָך חול המועד. ווייל דערמיט האָט ער דאָך געוויזן, אז ער האָט געוואָלט אָפּשניידן, און ער איז ניט מחויב אויסצוגעבן מער הוצאות. מאימתי פון ווען אָן הייסט (אז דער געגזלטער וויינ־גאָרטן געהערט צום) גזלן (און אויב דער גזלן פארזייט אין אים תבואה אָדער ירקות ווערט עס כלאים)? משישקע, פון ווען עס ווערט פארזינקן. דאָס הייסט, ווען עס גייט אדורך א צייט און מען האָט שוין פארגעסן, אז דער וויינגארטן האָט געהערט צו אן אנדערן. — „מועד" איז דער טייטש „חול המועד", און עס ווערט אָפּט באנוצט אין דער משנה.

ז. הרוח, אויב א ווינט האָט ארויפגעבלאָזן וויינשטאָקן־צווייגן איבער תבואה, זאָל מען באלד ארומצוימען, דאָס הייסט, מאכן א צוים צווישן דעם תבואה־פעלד און די וויינשטאָקן, כדי זייערע צווייגן זאָלן זיך ניט ארויפלייגן אויף דער תבואה; ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ג' טאָר מען ניט אויך „תחת הגפן", אונטער „וויינשטאָק־צווייגן" לאָזן וואקסן תבואה. טייל זענען גורס „יגדוד", אז מען דארף אָפּהאקן די צווייגן. „עלעלה" איז דער טייטש אין אראמעאיש „געבלאָזן מיט שטורם". אם, אויב עס האָט דעם בעל הבית געטראָפן אן אונס (דער בעל הבית האָט ניט געקאָנט פארצוימען אָדער אָפּהאקן) איז עס מותר. אין אזא פאַל הייסט עס ניט קיין כלאים, ווייל עס איז דאָך געשען געגן דעם ווילן פון בעל הבית. „אונס" הייסט א „געצווינגענער פאַרפאַל", צוליב וועלכן מען קאָן ניט טאָן א זאך וואָס מען וויל יאָ טאָן. תבואה, אויב זאנגען פון תבואה האָבן זיך אריינגעבויגן אונטער א וויינשטאָק, און דאָסזעלבע אויך מיט (די בלעטער פון) גרינס (וועלכע האָבן זיך ארונטערגעבויגן אונטער א וויינשטאָק) דארף מען זיי צוריקבייגן און זיי אסרן ניט דעם וויינגאָרטן. טייל מפרשים (רא"ש, ברטנורא) טייטשן, אַז זיי אסרן ניט אפילו אין פאַל ווען מען האָט ניט צוריקגעבויגן די תבואה־זאנגען אָדער די גרינס־בלעטער, ווייל דער דין אז „תחת הגפן" הייסט כלאים, מיינט נאָר ווען וויינשטאָק־צווייגן געפינען זיך איבער די

**מקדש. מאימתי תבואה מתקדשת? משתשריש. וענבים — משיעשו כפול הלבן. תבואה שיבשה כל צרכה וענבים שבשלו כל צרכן אינן מתקדשות.**

**ח. עציץ נקוב מקדש בכרם, ושאינו נקוב אינו מקדש. ור׳ שמעון אומר, זה וזה אוסרין ולא מקדשין. המעביר עציץ נקוב בכרם, אם הוסיף**

---

תבואה־זוארצלן, אָבער ניט איבער די תבואה־זאנגן אָדער גרינס־בלעטער. אָבער דער רמבם פסקנט ניט אזוי. מאימתי, פון ווען אָן ווערט תבואה (פארעכנט אלס אויפגע־וואקסענע תבואה), אז (ווען עס איז פארזייט אין וויינגאָרטן) זאָל עס אסרן (דעם וויינ־גאָרטן און אליין אויך ווערן אסור?) פון דער צייט ווען זי ווערט אריינגעוואָרצלט. דאָס איז לויט דער גירסא „משתשריש״; עס איז אויך פאראן א גירסא „משתשליש״, און דער טייטש איז, פון זינט זי ווערט אויפגעוואקסן א דריטל פון דער גרויס פון פארטיקער תבואה. וענבים און וויינטרויבן (ווערן אסור צוליב כלאים) ווען זיי ווערן אויפגעוואקסן אזוי גרויס ווי ווייסע באָבעס. „משיעשו״ איז דער טייטש „אויפוואקסן״ און דאָס וואָרט איז פאראן אין חומש ויקרא כ״ה (ועשת את התבואה). תבואה, אויב תבואה איז געוואָרן פארטיקנט אינגאנצן (דאָס הייסט זי איז שוין אינגאנצן פארטיק און קאָן שוין מער ניט צו־וואקסן). אָדער וויינטרויבן וועלכע זענען שוין אינגאנצן פארטיק, ווערן זיי ניט מער געאסר׳ט. די משנה לערנט דאָ, אז „כלאים״ הייסט „וואקסן״, און ווען מען פארפלאנצט תבואה אין א וויינגאָרטן אָדער א וויינשטאָק אין א תבואה־פעלד איז עס אסור נאָר ווען זיי „וואקסן״ צוזאמען. אָבער אויב די תבואה איז שוין אינגאנצן פארטיק און קאָן שוין מער ניט וואקסן, און מען האָט דעמאָלס פארפלאנצט אין איר א וויינשטאָק, אָדער די וויינטרויבן זענען שוין אינגאנצן פארטיק און קאָנען שוין מער ניט וואקסן און ערשט דעמאָלס האָט מען פארזייט לעבן זיי תבואה, הייסט דאָס ניט קיין כלאים. דער רמבם זאָגט, אז דאָס וואָס די משנה באנוצט זיך דאָ מיטן וואָרט „אין מתקדשות״, ווייזט אז די משנה האָט געהאלטן, דאָס פארזייען תבואה אין א וויינגאָרטן טאָר מען ניט אפילו ווען די וויינטרויבן זענען שוין פארטיק, און דאָסזעלבע טאָר מען ניט פלאנצן א וויינשטאָק אין א תבואה־פעלד אפילו ווען די תבואה איז שוין אינגאנצן פארטיק; נאָר אויב מען האָט יאָ פארזייט און יאָ פאר־פלאנצט, מעג מען עס נוצן.

ח. עציץ נקוב, א געלעכערטער בלומען־טאָפּ איז מקדש אין א וויינגאָרטן. אויב אין א בלומען טאָפּ, וועלכער איז אונטען געלעכערט, וואקסט תבואה אָדער גרינס, און מען האָט אים אוועקגעשטעלט אין א וויינגאָרטן, איז ער „מקדש״, און מען טאָרניט עסן און אויך ניט הנאה האָבן ניט פון דער תבואה אָדער גרינס און ניט פון די וויינטרויבן. ושאינו נקוב, אויב דער בלומען־טאָפּ איז ניט געלעכערט איז ער ניט מקדש. און מען מעג עסן און הנאה האָבן סיי פון די געוויקסן אין בלומען־טאָפּ סיי פון די וויינ־טרויבן. דער טעם איז, ווייל אויב דער בלומען־טאָפּ איז געלעכערט איז די ערד אין בלאָמען־טאָפּ באהאפטן מיט דער ערד אין גאָרטן; אָבער אויב ער איז ניט געלעכערט איז ער א באזונדערע זאך. ור׳ שמעון, און ר׳ שמעון זאָגט, אז סיי דער געלעכערטער און סיי דער ניט געלעכערטער זענען אסור, אָבער מקדש זענען זיי ניט. לויט ר׳ שמעון איז אסור אוועקצושטעלן סיי געלעכערטע און סיי ניט געלעכערטע בלומען־טעפּ מיט תבואה אָדער מיט גרינס אין א וויינגאָרטן; אָבער אויב מען האָט יאָ אוועקגע־שטעלט, מעג מען באנוצן די תבואה און די גרינס און די וויינטרויבן. ר׳ שמעון האלט (אויך אין אנדערע ערטער), אז א געלעכערטער בלומען־טאָפּ הייסט ניט ווי בא־האפטן צו דער ערד. המעביר, אז מען טראָגט אדורך א געלעכערטן בלומען־טאָפּ (פארזייט מיט תבואה אָדער גרינס) אין א וויינגאָרטן אויב עס איז צוגעקומען (צו דער תבואה אָדער גרינס) א צוויי הונדערטסטל איז עס אסור. מיר האָבן שוין אין פרק ה׳ משנה ו׳ געלערנט, אז כלאים הייסט נור ווען עס ווערט פארגרעסערט מיט א צוויי

**במאתים אָסור.**

## פרק ח.

**א. כלאי הכרם אסורין מלזרוע ומלקיים, ואסורין בהנאה. כלאי זרעים אסורין מלזרוע ומלקיים ומותרין באכילה, וכל שכן בהנאה. כלאי בגדים מותרין בכל דבר, ואינן אסורין אלא מללבוש. כלאי בהמה מותרים לגדל ולקיים, ואינן אסורים אלא מלהרביע. כלאי בהמה אסורים זה בזה.**

---

הונדערטסטל, און מיר האָבן דאָרט געגעבן פון ירושלמי, ווי אזוי מען ווייסט אז עס האָט זיך פאַרגרעסערט מיט א צוויי הונדערטסטל. די שאלה איז, וואָס מיינט מען מיטן וואָרט „המעביר", „מ'טראָגט־אַדורך". געוויינליך איז עס דער טייטש סתם אדורכ־טראָגן, ניט אנידערלייגנדיק אים אויף דער ערד; דער ירושלמי זאָגט, אז נור די תבואה אָדער דאָס גרינס ווערט אסור, אָבער די וויינשטאָקן זענען מותר, ווייל מען האָט דעם בלומען־טאָפּ ניט אוועקגעשטעלט. דעם רמבם אָבער זאָגט, אז סיי די תבואה און סיי דער ווייגאָרטן ווערן ניט געאסר'ט (צום עסן און הנאה צו האָבן) סיידן מען האָט דעם בלומען־טאָפּ אוועקגעלייגט; און דאָס וואָס שטייט דאָ „אסור" מיינט מען נור, אז מען טאָר ניט דורכטראָגן, אָבער עס אסר'ט ניט צו באַנוצן די תבואה און די ווינטרויבן. „א צווייהונדערטסטל" מיינט א 199־סטל פון דעם וואָס איז געווען פריער.

## פרק ח.

א. כלאי הכרם, כלאים פון וויינגאָרטן טאָר מען ניט זייען און מען טאָר ניט לאָזן וואקסן און ס'איז אסור הנאה צו האָבן פון זיי. ווי מיר האָבן שוין געזאָגט הייסט „כלאים פון וויינגאָרטן" אויב מען האָט פאַרזייט תבואה אָדער גרינס לעבן אָדער אין וויינ־גאָרטן אָדער לעבן א וויינשטאָק. די משנה זאָגט אז מען טאָר ניט פאַרזייען קיין וויינ־גאָרטן־כלאים. אויב מען האָט אפילו אליין ניט פאַרזייט, נאָר עס וואקסט צופעליג, טאָר מען עס ניט לאָזן וואקסן, און מען דאַרף עס אַרויסרייסן. אויב עס איז געוואקסן טאָר מען דערפון ניט קיין הנאה האָבן און געוויס ניט עסן. כלאי זרעים, כלאים פון זריעות (תבואה, קטניות, גרינס) טאָר מען ניט זייען און אויך ניט לאָזן וואקסן, אָבער זיי זענען מותר צום עסן און מכל שכן הנאה צו האָבן פון זיי. „זריעות־כלאים", „כלאי־זרעים" מיינט, ווען מען פאַרזייעט צוזאַמען 2 מינים תבואה, צי קטניות, צי גרינסן, צי תבואה מיט קטניות, צי מיט גרינס, צי קטניות מיט גרינס. זאָגט די משנה, אז מען טאָר ניט פאַרזייען, און אויב עס איז יאָ פאַרזייט געוואָרן טאָר מען עס ניט לאָזן וואקסן; אָבער אויב עס איז יאָ געוואקסן מעג מען עס עסן, און אויב מ'מעג עס עסן איז דאָך געוויס („מכל שכן"), אז מען מעג דערפון הנאה האָבן. כלאי בגדים, כלאים פון קליידער מעג מען טאָן דערמיט אלץ, און עס איז אסור נאָר אָנצוטאָן זיי. כלאי בגדים, קליידער־כלאים, הייסט ווען אין א קלייד איז פאַראַן צוזאַמען וואָל און פלאַקס. זאָגט די משנה, אז מען מעג נעמען צוזאַמען וואָל מיט פלאַקס, מען מעג זיי וועבן צוזאַמען, און טאָן אלצ־דינג; דער איינציקער פאַרבאָט איז נור אז מען טאָר אזא מלבוש ניט אָנטאָן אויף זיך. די דינים פון כלאי בגדים וועט די משנה געבן אין קומענדיקן פרק ט'. כלאי בהמה, כלאים פון בהמות (און דאָס זעלבע אויך פון חיות, עופות, פיש און בכלל אלע בעלי חיים, אלע לעבעדיקע זאַכן, א חוץ א מענטש), מעג מען האָדעווען און האַלטן; מען טאָר נאָר ניט זיי צונויפּפּאָרן (מרביע זיין). לויט דעם „תפארת ישראל" קומט אויס, אז מיט כלאי בהמה" בכלל מיינט מען צוויי זאַכן. ערשטנס צוויי מינים בהמות; צווייטנס די קינדער, וואָס זענען געבוירן געוואָרן פון צונויפגעפּאָרטע 2 מינים בהמות, למשל, פון א פערד און אן אייזל, זאָגט די משנה אז דער צווייטער סאָרט כלאי בהמה, דהיינו, וואָס זענען געבוירן געוואָרן פון צונויפגעפּאָרטע צוויי מינים, מעג מען יעדן פון זיי האָדעווען, און האַלטן. אָבער דאָס צונויפּפּאָרן אליין איז אסור. כלאי בהמה אסורים זה בזה, די גע־בוירענע פון צוויי מינים בהמות זענען אסור איינער מיטן אנדערן. דאָ גיט די משנה

**ב. בהמה עם בהמה וחיה עם חיה, בהמה עם חיה וחיה עם בהמה, טמאה עם טמאה וטהורה עם טהורה, טמאה עם טהורה וטהורה עם טמאה, אסורין לחרוש ולמשוך ולהנהיג.**

**ג. המנהיג סופג את הארבעים, והיושב בקרון סופג את הארבעים.**

---

דעם דין אז אויך צוויי קינדער וואָס זענען געבוירן געוואָרן פון דער צוזאַמפּאַרונג פון צוויי מינים בהמות, למשל א קינד פון א פערד־נקבה און אן אייזל־זכר מיט א קינד פון א פערד־זכר און אן אייזל־נקבה טאָר מען ניט צוזאַמפּאַרן צוזאַמען און אויך ניט ארבייטן מיט זיי צוזאַמען, ווייל זיי זענען כלאים איינער צום צווייטן.

ב. בהמה, א בהמה מיט א (א אנדערן מין) בהמה, און א חיה מיט א (אנדערן מין) חיה, א בהמה מיט א חיה, און א חיה מיט א בהמה, א טמאה (בהמה וואָס מען טאָר ניט עסן, למשל א פערד, אן אייזל) מיט אן (אנדערן מין) טמאה, א טהורה (א בהמה וואָס מען מעג יאָ עסן, למשל, אן אָקס) מיט אן אנדערן מין טהורה, א טמאה מיט א טהורה און א טהורה מיט א טמאה, טאָר מען ניט מיט זיי צוזאַמען אקערן אָדער שלעפּן אָדער פירן. אין חומש (דברים כ״ב) איז פאַראַן „לא תחרש בשור ובחמור יחדו, זאָלסט ניט אקערן מיט אן אָקס און אן אייזל צוזאַמען״, די חכמים דערקלערן, אז דער חומש מיינט ניט דוקא אקערן, נאָר אויך ניט טאָן קיין מלאכה, ווי שלעפּן א וואָגן, דרעשן. אויך זאָגן די חכמים אז דער חומש מיינט ניט דוקא אן אָקס און אן אייזל, נאָר יעדע צוויי מינים לעבעדיקע באַשעפענישן. די משנה זאָגט דאָ, אז מיט צוויי מינים בהמות אָדער א בהמה און א חיה (און אויך עופות און אנדערע לעבעדיקע זאַכן) טאָר מ׳ניט אקערן, שלעפּן און פירן. „למשוך״, „שלעפּן״, טייטשן די מפרשים, אז צום שלעפּן א וואָגן צי אן אנדערע משא טאָר מען ניט איינשפּאַנען צוויי מינים לעבעדיגע באַשעפענישן, למשל א פערד און אן אייזל. אָבער וואָס מיינט מען „ולהנהיג״, פירן? דער „תפארת ישראל״ זאָגט, אז דאָס מיינט מען צונויפשפּאַנען א פערד און אן אייזל און סתם זיי פירן צוזאַמען. אָבער די „משנה ראשונה״ ווייזט אָן, אז סתם פירן, ניט טוענדיק קיין מלאכה איז ניט אסור; מען מיינט דעריבער, אז מען טוט דערביי א מלאכה.

ג. המנהיג, דער וואָס פירט (צוויי מינים בהמות, וואָס זענען געשפּאַנט צוזאַמען) קומט אים פערציג קלעפּ. ווער עס איז עובר אויף א „לא תעשה״, דאָס הייסט אויף א פאַרבאָט פון דער תורה, ווערט ער באַשטראָפט מיט פערציג קלעפּ, מלקות. די חכמים האָבן אפילו געזאָגט, אז די קלעפּ דאַרף מען געבן נור „ניין און דרייסיג״; אָבער ווייל אין חומש דברים כ״ה איז פאַראַן „ארבעים״, „פערציק״, רופט מען עס אויך אין דער משנה „ארבעים״. „סופג״ איז פון וואָרט „ספוג״, „שוואָם״, און דער טייטש איז (לויט דעם „ערוך״) „איינזאַפּן״, אריינגעמען (ווי א שוואָם) די מלקות. זאָגט די משנה אז דער וואָס פירט די איינגעשפּאַנטע צוויי מינים בהמות איז דאָך עובר אויף די „לא תעשה״ פון „לא תחרוש״ (ווי מיר האָבן עס דערקלערט אין דער פריערדיקער משנה) קומט אים מלקות. והיושב, און אויך דער וואָס זיצט אין וואָגן (וועלכער איז איינגע־שפּאַנט אין צוויי מינים בהמות) קומט אים פירציק קלעפּ. די מפרשים געבן דעם טעם, ווייל צוליב אים גייען דאָך די צוויי מינים בהמות איינגעשפּאַנט אין וואָגן. וועגן וואָרט „קרון״, „וואָגן״ האָבן מיר שוין געשריבן אין ברכות פרק ד׳ משנה ו׳, אז לויט דעם „מוסף הערוך״ איז עס דאָס גריכישע וואָרט „קאַראַן״ א וואָגן. ר׳ מאיר זאָגט, אז (דער זיצער אין וואָגן) איז פטור (פון די קלעפּ). מחמת ער טוט דאָך גאָר־ניט, און דאָס וואָס מען האָט צוליב אים געשפּאַנט דעם וואָגן מיט צוויי מינים בהמות, הייסט ניט, אז ער פירט זיי אָדער ארבייט מיט זיי. והשלישית, און די דריטע (בהמה), וואָס איז צוגעבינדן צו די פאַסקעס, איז אסור. די משנה מיינט דאָ צו זאָגן (לויט טייל מפרשים), אז אויב למשל, אין א וואָגן זענען געווען איינגעשפּאַנט צוויי פערד, וועלכע

ר׳ מאיר פוטר. והשלישית שהיא קשורה לרצועות אסורה.

ד. אין קושרין את הסוס לא לצדדי הקרון ולא לאחר הקרון, ולא את הלובדקים לגמלים. ר׳ יהודה אומר, כל הנולדים מן הסוס, אף על פי שאביהן חמור, מותרין זה עם זה. וכן הנולדים מן החמור, אף על פי שאביהם סוס מותרין זה עם זה, אבל הנולדים מן הסוס עם הנולדים מן החמור אסורים זה עם זה.

ה. הפרוטיות אסורות, והרמך מותר. ואדני השדה חיה. ר׳ יוסי

---

שלעפן דעם וואגן, און אן אייזל איז געווען צוגעבינדן צו די פאסקעס, מיט וועלכע די פערד זענען געבינדן איינער צום אנדערן, און דער אייזל לויפט־מיט אבער ער שלעפט ניט דעם וואגן, טאר מען אויך ניט. דער רמב״ם טייטשט אינגאנצן אנדערש, דהיינו, אז דא מיינט מען, אויב עס זענען פאראן דריי וואגנס, איינער צוגעבונדן צום אנדערן און זיי גייען איינער נאכן אנדערן, איז אפילו זיצן אין דריטן וואגן טאר מען אויך ניט, אויב אין ערשטן וואגן זענען איינגעשפאנט א פערד און אן אייזל. דער רמב״ם טייטשט, אז „קרון״ איז דער צווייטער וואגן, דער משא־וואגן, וואס איז צוגע־טשעפעט צום ערשטן וואגן וואס הייסט „עגלה״, און דער דריטער וואגן איז צוגע־טשעפעט צום „קרון״.

ד. אין קושרין, מען טאר ניט צובינדן א פערד ניט צו די זייטן פון וואגן און ניט הינטער דעם וואגן. אין ארץ ישראל זענען געווען אמאל זייער ווייניק פערד, און ווען די משנה רעדט וועגן א וואגן, „קרון״, מיינט מען (ווי דער רמב״ם זאגט) א וואגן מיט משא, וואס ווערט געשלעפט פון אקסן. זאגט די משנה, אז ניט נור טאר מען ניט צובינדן פון פארנט נאר אויך ניט אין דער זייט. ולא, און מען טאר אויך ניט (צובינדן) ליביער אייזלן צו קעמלן. דאס ווארט „לובדקים״ טייטשט די גמרא, אייזלן פון ליביע (א לאנד אין צפון אפריקע). טייל מפרשים טייטשן, אז מען טאר די אייזלן ניט צוטשעפן צו קעמלן, וועלכע טראגן אויף זיך משא. ר׳ יהודה זאגט, אז אלע בהמות וואס זענען געבוירן געווארן פון א פערד א נקבה, כאטש זייער פאטער איז אן אייזל, זענען מותר איינער מיטן צווייטן; און דאסזעלבע איז אויך, די אלע בהמות וואס זענען געבוירן געווארן פון אן אייזל א נקבה, כאטש זייער פאטער איז א פערד, זענען מותר איינער מיטן אנדערן; אבער די וואס זענען געבוירן געווארן פון א פערד און די וואס זענען געבוירן געווארן פון אן אייזל זענען אסור איינער מיטן אנדערן. די גמרא טייטשט, אז ר׳ יהודה האלט, אז „אין חוששין לזרע האב״, אז מען נעמט ניט אין אנבאטראכט דעם פאטער פון דער בהמה, נאר איר מוטער. אויב א בהמה איז געבוירן געווארן פון אן אייזל־נקבה און א פערד־זכר און א צווייטע בהמה איז געבוירן געווארן פון אן אייזל־זכר און א פערד־נקבה, זענען די צוויי בהמות כלאים איינע מיט דער אנדערער, ווייל איינער׳ס מוטער איז אן אייזל און דער צווייטערס מוטער איז א פערד. אויב אבער בײדע בהמות זענען געבוירן געווארן פון אייזל־נקבות, זענען זיי איינע מיט דער אנדערער ניט קיין כלאים.

ה. הפרוטיות, קליינע מוילטירן זענען אסור. די מפרשים דערקלערן, אז „פרו־טיות״ איז ווי „פרודיות״, פון ווארט „פרד״, מוילטיר, וואס איז געבוירן פון א פערד און אן אייזל. צוליב דעם, וואס ווען די מוילטירן זענען יונג, קאן מען ניט דערקענען, וועלכער פון זיי איז געבוירן פון א מוטער־פערד און א פאטער־אייזל, און וועלכער פון א מוטער־אייזל און א פאטער־פערד; דעריבער זענען זיי איינער מיט דעם אנדערן כלאים. והרמך, אבער דער מוילטיר, (וואס זיין מוטער איז זיכער א פערד) איז מותר. ער איז ניט קיין כלאים מיט אן אנדערן רמך. דאס ווארט „רמך״ איז פאראן אין אסתר ח׳, י״א, „בני הרמכים״, די יונגע רמכים. ואדני השדה, און די פעלד־מענטשן

**אומר, מטמאות באוהל כאדם. הקופד וחולדת הסניים חיה. חולדת הסניים, ר׳ יוסי אומר, בית שמאי אומרים, מטמא כזית במשא וכעדשה במגע.**

**ו. שור בר מין בהמה. ור׳ יוסי אומר, מין חיה. כלב מין חיה. ר׳**

---

זענען א חיה. דער ירושלמי זאָגט, אז „אדני השדה״ מיינט „ברנש דטורא״, (דער מענטש פון פעלד״, דאָס וואָרט „טורא״ מיינט אין ירושלמי גאנץ אָפּט „פעלד״, און ניט דוקא „בארג״), און דער ירושלמי דערציילט, אז דאָס איז א באשעפעניש, וואָס איז מיט זיין נאָפּל צוגעבינדן צו דער ערד. אין טייל אלטע כתבי יד איז פאראן „אדמי השדה״, פון וואָרט „אדם״, מענטש. דער „תפארת ישראל״ האלט, אז מען מיינט דערמיט די גרויסע מאלפּע, דעם אוראנגוטאנג, וועלכע איז אממייסטן ענליך צו מענטשן, און לויט דעם תפארת ישראל לערנט די משנה, אז ער האָט דעם דין פון א חיה. ר׳ יוסי זאָגט, אז ער איז מטמא אין א געצעלט ווי א מענטש. דער דין איז, אז אויב דער טויטער קערפּער פון א מענטש געפינט זיך אונטער איין דאך מיט אנדערע זאכן, ווערן די אנדערע זאכן טמא; דאָס הייסט, אז א מת, א טויטער מענטש, מאכט טמא דורך „אוהל״, דורך געצעלט. זאָגט דאָ ר׳ יוסי, אז דער טויטער קערפּער פון אזא „אדני השדה״ איז מטמא זאכן דורך „אוהל״. הקופד, דער שטעכעדיקער איגל, וחולדות הסניים, דער וואלד־וויזל, זענען א חיה. „קפוד״ זאָגן אלע מפרשים און אויך אלע חוקרים, אז דאָס מיינט דעם איגל, אין ענגליש „פּארקופּיין״, און אין פּויליש „יעזש״; דאָס איז דאָס חיה׳לע, וואָס אז מען דערנענטערט זיך דערצו וויקלט עס זיך איין און זי ווערט זייער שטעכעדיק. „חולדה״ טייטשן טייל א „וויזל״, אין פּוי־ליש „לאשיצא״; דאָס וואָרט „הסניים״ מיינט „פון די דערנער״ (פון „סנה״, „דאָרן״), און עס הייסט, דער וואלד־וויזל. חולדת הסניים, דער וואלד־וויזל, זאָגט ר׳ יוסי, אז די בית שמאי זאָגן, אז זי איז מטמא ווען מען טראָגט א טייל פון איר, גרויס ווי א כזית (ווי אן איילבירט), אָדער ווען מען רירט אָן א טייל פון איר, גרויס ווי א לינז (א סאָרט ארבעס). כדי צו פארשטיין די משנה, איז נויטיק צו וויסן, אז ווען מען טראָגט די נבלה, דעם טויטן קערפּער פון א חיה צי א בהמה, אָדער אפילו נאָר א טייל פון דעם קערפּער, אויב דער טייל איז גרויס ווי א כזית (ווי א איילבירט), ווערט מען טמא; דאָס הייסט עס איז מטמא אפילו דורכן טראָגן, „במשא״, אפילו מען רירט עס ניט אָן. דאָסזעלבע איז אויך, ווען מען רירט אָן א כזית פון דער נבלה פון א חיה אָדער א בהמה ווערט מען טמא. דאָס הייסט „במגע״, דורך אָנרירן. דאקעגן ביי א שרץ, ביי א קריכנדיק באשעפעניש איז געגנוג ווען מען רירט אָן א טייל פון א טויטן שרץ (א מויז וכדומה), און דער דאָזיקער טייל איז גרויס אפילו נור ווי א לינז (עדשה, א סאָרט ארבעס), ווערט מען שוין טמא. אָבער ווען מען טראָגט א טויטן שרץ, ניט אָנרי־רענדיק אים, ווערט מען ניט טמא; ער איז ניט מטמא „במשא״. זאָגן די בית שמאי, אז ווייל מען ווייסט ניט אויף זיכער, צי דער וואלד־וויזל איז א חיה צי א שרץ, דעריבער איז מען מחמיר מיט אים איןביידע זאכן: ער איז (ווי א חיה) מטמא דורך טראָגן, במשא, ווען ער איז גרויס ווי א כזית, אָבער ווען מען רירט אים אָן, במגע, ווערט מען טמא אפילו מען האָט אָנגערירט בלויז אזוי גרויס ווי א לינז, ווי ווען מען וואָלט אָנגע־רירט א טויטן שרץ.

ו. שור בר, א בופל־אָקס איז א מין בהמה, און ר׳ יוסי זאָגט, אז א מין חיה. א הונט איז א מין חיה; ר׳ מאיר זאָגט, אז א מין בהמה. דער חזיר איז א מין בהמה. הערוד, דער ווילדער אייזל, איז א מין חיה. הפיל, דער עלפאנט, והקוף, און די מאלפּע, זענען א מין חיה. די אלע משניות ווערן דאָ געבראכט נור „אגב אורחא״, „אינאייב־וועגס״, ווייל די משנה האָט געלערנט וועגן דעם דין פון כלאים פון בהמות און חיות;

**מאיר אומר מין בהמה. החזיר מין בהמה, הערוד מין חיה. הפיל והקוף מין חיה. ואָדם מותר עם כולם למשוך ולחרוש ולהנהיג.**

## פרק ט.

**א. אין אסור משום כלאים אלא צמר ופשתים, ואינו מיטמא בנגעים אלא צמר ופשתים. אין הכהנים לובשין לשמש בבית המקדש אלא צמר ופשתים. צמר גמלים וצמר רחלים שטרפן זה בזה, אם רוב מן הגמלים,**

---

כאָטש בנוגע דעם דין פון כלאים איז ניט קיין אונטערשיד צו זיי ווערן פאַררעכנט אלס בהמות צי אלס חיות. ואדם, און אַ מענטש מעג צוזאַמען מיט אלע (מיט יעדער בהמה אָדער חיה אָדער אנדער לעבעדיק באַשעפעניש) שלעפּן (אַ וואָגן), אַקערן אָדער פירן (אַ וואָגן). דער טייטש איז, אַז כאָטש מיט 2 לעבעדיקע מינים באַשעפענישן צוזאַ־מען טאָר מען ניט טאָן קיין אַרבייט, אָבער אַ מענטש מעג, למשל, זיך איינשפּאַנען מיט אַן אָקס צי אַ פערד אין אַקער־אייזן און צוזאַמען אַקערן; אויך מעג ער זיך איינשפּאַנען מיט אַן אָקס צי אַ פערד אין אַ וואָגן און שלעפּן דעם וואָגן. וואָס מען מיינט דאָ „ולהנהיג", „פירן" איז שווער צו זאָגן. אין דער משנה פון ירושלמי פעלט דאָס וואָרט „ולהנהיג". דער „תפארת ישראל" טייטשט, אַז דאָס מיינט מען נאָכגיין נאָך דער בהמה; אָבער דאָס הייסט דאָך ניט געאַרבייט צוזאַמען מיט דער בהמה. דער „מלאכת שלמה" איז דעריבער געניגט ניט גורס צו זיין דעם „ולהנהיג".

## פרק ט.

דער פרק ט׳ פון כלאים לערנט די דינים פון קליידער־כלאים, „כלאי בגדים" וואָס ווערט אויך גערופן „שעטנז". די תורה אין דברים כ״ב זאָגט „לא תלבש שעטנז צמר ופשתים יחדו", זאָלסט ניט אָנטאָן זיך שעטנז, וואָל און פלאַקס צוזאַמען". אין ויקרא י״ט ווערט געזאָגט „ובגד כלאים שעטנז לא יעלה עליך", אַ קלייד פון כלאים, שעטנז זאָל ניט אַרויפגיין אויף דיר. וואָס הייסט „צוזאַמען", און וועלכע מינים הייסן „וואָל" און וועלכע „פלאַקס", וועגן די אלע זאַכן לערנט דאָ די משנה.

א. אין אסור, עס איז ניט אסור צוליב כלאים נאָר וואָל און פלאַקס. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז כאָטש די תורה זאָגט „וואָל און פלאַקס", האָט זי געמיינט, אַז מען טאָר ניט אויך אָנטאָן קליידער, וועלכע זענען געמאַכט אויך פון אנדערע צוויי מינים מאַטעריאַלן, פּונקט, למשל, ווי די תורה זאָגט, אַז מען זאָל ניט אַקערן „בשור וחמור", מיט אַן אָקס און אַן איזל, און עס זענען אסור אויך אנדערע צוויי מינים בעלי חיים. דעריבער לערנט אונז די משנה אַז דאָ מיינט מען דוקא וואָל און פלאַקס. דערמיט איז פאַרענטפערט די קשיא פון „משנה הראשונה" צו־וואָס דאַרף עס די משנה זאָגן. ואינו, און עס ווערן ניט טמא דורך נגעים נאָר (קליידער פון) וואָל אָדער פון פלאַקס. די תורה זאָגט (ויקרא י״ג) אַז אויב עס האָט זיך באַוויזן אין אַ קלייד אַ „נגע צרעת", אַן „אויסזאַץ", אַ שלעכטער פלעק, „ווערט עס טמא"; און די תורה זאָגט דאָרט בפירוש „בבגד צמר או בבגד פשתים", „אין אַ קלייד פון וואָל אָדער אין אַ קלייד פון פלאַקס". אין הכהנים, די כהנים טוען זיך ניט אָן (קיין אנדערע קליידער) צו טאָן די עבודה אין בית המקדש נאָר פון וואָל און פלאַקס. די תורה אין שמות כ״ח רעכנט אויס די מאַטעריאַלן, פון וועלכע עס זענען געמאַכט די „בגדי כהונה", די קליידער, וואָס די כהנים דאַרפן זיך אָנטאָן כדי משמש צו זיין, צו טאָן אין בית המקדש די עבודה (מקריב זיין קרבנות, און אנדערע עבודות). די מאַטעריאַלן זענען „שש" און „בד", וועלכע זענען ביידע פון פלאַקס, און „תכלת", „ארגמן" און „תולעת שני", וועלכע זענען פון וואָל געפאַרבט אויף בלאָ („תכלת"), רויט („ארגמן") און שאַרלעך־רויט („תולעת שני"). זאָגט די משנה, אַז קליידער פון אנדערע שטאָפן טאָרן די כהנים ניט אָנטאָן צו דער עבודה אין בית המקדש. די צוויי דינים וועגן נגעים און כהנים־קליידער האָט די משנה דאָ געלערנט אגב אורחא, און זי גייט איצט צוריק צו די דינים פון

**מותר, ואם רוב מן הרחלים, אָסור ; מחצה למחצה, אָסור. וכן הפשתן והקנבוס שטרפן זה בזה.**

**ב. השירים והכלך אין בהם משום כלאים, אבל אסורים מפני מראית העין. הכרים והכסתות אין בהם משום כלאים. ובלבד שלא יהיה בשרו נוגע בהם. אין ערַאי לכלאים. ולא ילבש כלאים אפילו על גבי עשרה,**

---

שעטנז. צמר גמלים, וואָל (האָר) פון קעמלן און וואָל פון נקבות־שעפסן, וועלכע מען האָט אויסגעמישט צוזאמען, אויב דער רוב איז געווען פון די קעמלן איז מותר. „וואָל" מיינט מען נור פון שעפסן, און די האָר פון קעמלן רופט מען נור „וואָל", אָבער באמת זענען זיי ניט קיין וואָל און מען מעג זיי צונויפנייען צוזאמען מיט פלאַקס און טראָגן די מלבושים, וואָס זענען געמאַכט דערפון. זאָגט די משנה, אז אויב מען האָט צונויפ־געמישט קעמלן־וואָל מיט ריכטיקן וואָל פון שעפסן, און דער רוב פון דעם צונויפ־געמיש איז דער קעמלן־וואָל, מעג מען דעם צונויפגעמיש נייען צוזאמען מיט פלאַקס און עס איז ניט קיין שעטנז, ווייל די שעפסן וואָל ווערט בטל אין רוב פון קעמלן־וואָל. ואם רוב, און אויב דער רוב איז פון שעפסן־וואָל טאָר מען ניט. אויב עס איז געווען העלפט אויף העלפט (העלפט פון קעמלן־וואָל און העלפט פון שעפסן־וואָל) טאָר מען ניט. דאָס הייסט, אז מען טאָר עס ניט נייען מיט פלאַקס מחמת עס איז שעטנז, ווייל א העלפט ווערט שוין ניט בטל. וכן, און אזוי איז אויך דער דין, אויב פלאַקס און קאַ־נאַפּיעס („קנבוס", האנף), וועלכע מען האָט אויסגעמישט צוזאמען. קאַנאַפּיעס הייסן ניט קיין פלאַקס און מען מעג זיי צונויפנייען מיט וואָל. זאָגט די משנה, אז אויב מען האָט צונויפגעמישט קאַנאַפּיעס מיט פלאַקס און די קאַנאַפּיעס זענען דער רוב מעג מען דעם געמיש נייען מיט וואָל; אויב אָבער דער רוב איז פון פלאַקס, אָדער דער געמיש איז העלפט פלאַקס און העלפט קאַנאַפּיעס, טאָר מען ניט.

ב. השיריים, פיין־זיידנס, והכלך, און גאָלד־זיידנס, זענען ניט קיין כלאים, אָבער מען טאָר ניט צוליב דעם „אַנבליק פון אויג", (מראית העין). „שיריים", הייסן פיינער זיידנס, און דער נאָמען, ווי עס ווייזט אָן דער „ערוך השלם", איז אַנגענומען געוועזן אויך ביי אנדערע פעלקער (אין גריכיש האָט זיידנס געהייסן „סיריקאָן"), ווייל דאָס זיידנס איז געקומען פון א לאַנד אין אינדיען, וואָס האָט געהייסן „סיר", „שיר". דער דאָזיקער פיינער זיידנס זעט אויס ווי פלאַקס. „כלך" האָט געהייסן א זיידנס, וואָס האָט געהאַט גאָלד־קאָליר און האָט אויסגעזען ווי וואָל. זאָגט דאָ די משנה, אז דיביידע סאָרטן זיידנס זענען ניט קיין פלאַקס און ניט קיין וואָל, און זיי זענען ניט קיין שעטנז, ווען מען נייט זיי צוזאמען; אָבער ווייל זיי זען אויס ווי פלאַקס און וואָל, וועלן מענטשן קאָנען מיינען, אז מען טראָגט שעטנז, דעריבער טאָר מען ניט. הכרים, מאַטראַצן (אונ־טערדעקן פון בעטן), והכסתות, און קישנס, מעגן זיין פון כלאים, אָבער נאָר, אז דער קערפּער (פון מענטש וואָס לייגט זיך אויף זיי) זאָל זיי ניט אָנרירן. דער טעם איז, ווייל די תורה האָט נאָר געזאָגט, אז מען טאָר ניט אָנטאָן אויף זיך קיין כלאים, אָבער לייגן זיך אויף כלאים מעג מען; אָבער אויב דער קערפּער רירט זיי אָן הייסט עס, אז דער קערפּער איז אביסל איינגעוויקלט אין זיי און דאָס הייסט שוין אָנגעטאָן. וועגן „כרים" און „כסתות" זענען פאַראַן עטליכע מיינונגען, טייל טייטשן, פאַרקערט, אז מיט „כר" מיינט מען „קישן" און מיט „כסת" „איבערבעט" אָדער „אונטערדעק". אין עראַי, ביי כלאים איז ניט פאַראַן קיין ציטווייליקייט (עראַי). ניט נור טאָר מען ניט אָנטאָן קיין שעטנז־מלבוש אויף צו טראָגן עס, נאָר אפילו ארויפנעמען אויף זיך אויף א ווייל, ציטווייליק, עראַי, טאָר מען אויך נישט. דער היפוך פון „עראַי" איז אור־מעטום „קבע", פעסט. ולא ילבש, און מען זאָל ניט אָנטאָן קיין כלאים אפילו אויף צען. ניט נאָר טאָר מען ניט אָנטאָן קיין שעטנז אויפן בלויזן לייב, נאָר אפילו ווען מען גייט אָנגעטאָן 10 מלבושים ניט פון שעטנז, טאָר מען ניט אויף זיי אָנטאָן זיך א מלבוש

**אפילו לגנוב את המכס.**

**ג. מטפחות הידים, מטפחות הספרים, מטפחות הספג, אין בהם משום כלאים. ר׳ אליעזר אוסר. ומטפחות הספרים אסורות משום כלאים.**

**ד. תכריכי המת ומרדעת של חמור אין בהם משום כלאים, לא יתן המרדעת על כתפו אפילו להוציא עליה זבל.**

**ה. מוכרי כסות מוכרין כדרכן, ובלבד שלא יתכוונו בחמה מפני החמה ובגשמים מפני הגשמים. והצנועים מפשילין במקל לאחוריהן.**

---

**פון שעטנז.** אפילו לגנוב, אפילו צו גנבענען דעם גרעניץ־צאָל. **עס איז שוין אין יענע צייטן געווען איינגעפירט, אז ווען מען האָט אריינגעפירט פון אויסלאַנד סחורה אין א לאַנד, האָט מען געדארפן צאָלן אויף דער גרעניץ צאָל; אָבער פון א מלבוש, וואָס מען האָט געטראָגן אויף זיך, האָט מען דעם צאָל ניט געדארפן צאָלן. זאָגט די משנה, אז אפילו אָנטאָן דעם שעטנז־מלבוש, כדי צו באפרייען אים פון גרעניץ־צאָל, טאָר מען אויך ניט, כאָטש דער מענטש טוט עס אָן ניט ווייל ער וויל עס טראָגן אלס מלבוש נאָר צוליב דער צאָל־באפרייאונג.**

ג. מטפחות הידים, האנטוכער אָפּצעווישן זיך די הענט, מטפחות הספרים, טיכער ארומצוויקלען ספרים, מטפחות הספג, ליילעכער אָפּצווישן זיך (נאָכן וואַשן זיך דעם קערפער) זענען ניט אסור צוליב כלאים. **אויב עס איז פאראן אין זיי שעטנז מעג מען זיי באנוצן, ווייל דער מענטש טוט זיי דאָך ניט אָן אויף זיך אלס מלבוש.** ר׳ אליעזר אסר׳ט, **ווייל מיט די אלע טיכער און ליילעכער** (אפילו פון די ספרים) **וויקלט מען דאָך טיילמאָל ארום טיילן פון קערפער.** ומטפחות הספרים, און די ליילעכער פון די שערערס (וואָס דער שערער טוט אָן אויפן מענטש, ווען ער שערט אים אָפּ די האָר) זענען אסור צוליב כלאים. **ווייל דער ליילעך ווערט דאָך ארויפגעלייגט אויף דעם מענטש׳ס קערפער.**

ד. תכריכי, תכריכים פון א מת, און דער קישן (זאָטל) פון אן אייזל מעגן זיין פון כלאים. **די גמרא** (נדה ס״א) **זאָגט דערויף אז ווען א מענטש שטארבט איז ער באפרייט פון אלע מצוות. דאָס וואָרט „תכריכין״ איז פון „כרך״ „איינוויקלען״, ווייל מען וויקלט אין זיי איין דעם מת. מרדעת איז דער טייטש א זאָטל, און ווייל עס איז הארט דערויף צו זיצן איז עס ניט אסור צוליב שעטנז.** לא, מען טאָר ניט נעמען אויף דעם אקסל א זאָטל (פון שעטנז) אפילו ארויסצופירן אויף אים מיסט. **צוליב דעם פאר־באָט** (אין ויקרא י״ט) **„לא יעלה עליך״, „עס זאָל ניט ארויפקומען אויף דיר״ קיין שעטנז. די מפרשים טייטשן, אז ער נעמט אויף זיך דעם זאָטל, כדי דאָס מיסט זאָל ניט פארפלעקן זיינע מלבושים.**

ה. מוכרי, הענדלער וועלכע פארקויפן קליידער מעגן פארקויפן (שעטנז־קליי־דער) ווי זייער שטייגער איז. **דאָס הייסט, אפילו אָנטאָן אויף זיך דאָס קלייד כדי צו ווייזן דעם קויפער, ווי דאָס קלייד זעט אויס.** ובלבד, אָבער זיי טאָרן ניט אין זינען האָבן (צו שיצן זיך דורך אָנטאָן דאָס קלייד) אויף דער זון קייגן דער זון און אויפן רעגן קייגן דעם רעגן. **די הענדלער מעגן נור נעמען אויף זיך די שעטנז־מלבושים, ווען זיי האָבן ניט פון אָנטאָן קיין שום הנאה פאר זייער קערפער, און עס איז נור צו ווייזן זיי דעם קויפער. אָבער אויב דערביי ווילן זיי, אז דאָס קלייד זאָל זיי שיצן פון די זון־שטראַלן אָדער זיי זאָלן ניט ווערן בארעגנט, טאָרן זיי ניט, ווייל דאָס הייסט דאָך, אז זייער קערפער האָט הנאה פון דעם שענז־מלבוש.** והצנועין, און די גאָר פרומע (הענדלער) פארוואַרפן די שעטנז־קליידער הינטער זיך (אויף דער פלייצע) מיט א שטעקן. **דאָס וואָרט „צנועין״, גאָר פרומע (פון פסוק אין מיכה ו׳ „והצנע לכת עם אלקיך״, באשיידן גיין מיט דיין גאָט), האָבן מיר געהאַט אין דמאי פרק ו׳ משנה ו׳ („וצנועי בית הלל״). די גאָר פרומע קליידער־הענדלער האָבן געטראָגן די**

**ו. תופרי כסות תופרין כדרכן, ובלבד שלא יתכוונו בחמה מפני החמה ובגשמים מפני הגשמים, והצנועים תופרין בארץ.**
**ז. הברסין והברדסין והדלמטקיון ומנעלות הפינון, לא ילבש בהן עד שיבדוק. ר׳ יוסי אומר, הבאים מחוף הים וממדינת הים אינן צריכים בדיקה, מפני שחזקתן בקנבוס. ומנעל של זרד אין בו משום כלאים.**
**ח. אין אָסור משום כלאים אלא טווי ואָרוג, שנאמר „לא תלבש**

---

שעטנז־קליידער אויף א שטעקן אויף זייערע פּלייצעס, כדי דער שטעקן זאָל מפסיק זיין צווישן די שעטנז־קליידער און דעם קערפּער.

ו. תופרי כסות, שניידערס וואָס נייען קליידער (פון שעטנז) מעגן זיי נייען ווי זייער שטייגער איז (האלטן די קליידער אויף דער קני); אָבער זיי זאָלן ניט אין זינען האָבן צו שיצן זיך (דורך די קליידער) אויף דער זון קייגן דער זון און אויפן רעגן קייגן רעגן; און די גאָר פרומע (שניידערס) האָבן געניית אויף דער ערד. אין ארץ ישראל און בכלל אין די וואַרימע לענדער ארבייטן די בעלי מלאכות מערסטנס אין דרויסן. זאָגט די משנה אז אויב ביים האלטן די קליידער צום נייען אויף דער קני האָט דער שניידער אין זינען דערבייל צו שיצן די פיס פון די זון־שטראַלן אָדער פון רעגן, טאָר מען ניט. די גאָר פרומע, די צנועין, פלעגן נייען האלטענדיק דאָס שעטנז קלייד אויף דער ערד. אין יענע צייטן, און אויך היינט ביי טייל מענטשן אין די מזרח לענ־דער, ווערט די ארבייט ניט געטאָן אויף א טיש נאָר אויף דער ערד.

ז. הברסין, דינע וואָלענע קאָלדרעס, והברדסין, דיקע וואָלענע קאָלדרעס, והדלמטיקיון, וואָלענע הויזן פון דאלמאציע, ומנעלות הפינון, שיך פון וואָל־אַפּפּאַל, זאָל מען ניט אָנטאָן סיידן מען איז זיי בודק (צי זיי האָבן ניט קיין פלאַקס אין זיך). „ברסין" און „ברדסין" און „דלמטיקיון" זענען די נעמען פון לענדער אָדער שטעט, פון וואַנען די אלע וואָל־מלבושים שטאַמען. „פינון" זאָל זיין, לויט דער מיינונג פון „מוסף הערוך", דער וואָל־אַפּפאַל. די משנה זאָגט, אז מען דאַרף זיי אונטערזוכן, צי זיי זענען ניט געניית מיט פלאַקס־פעדים. ר׳ יוסי זאָגט, אז די (וואָל־קליידער) וועלכע קומען פון ים־ברעג און פון יענער־זייט־ים־לענדער, דאַרף מען ניט בודק זיין, מחמת עס איז אָנגענומען זיי צו נייען מיט קאַנאַפּיעס־פעדים. אין ארץ ישראל זענען דע־מאָלס די פּאָרט־שטעט ביים מיטלענדישן ים (קיסרי, יפו) געווען גרויסע האנדלס־שטעט און אין זיי זענען אויך געווען פאַבריקן פון סחורות און דורך זיי האָט מען אויך געבראַכט סחורות פון לענדער אין יענער זייט ים (מדינת הים). זאָגט ר׳ יוסי, אז וועגן די דאָזיקע וואָל־קליידער וועלכע קומען סיי פון די פּאָרט־שטעט און סיי פון לענדער פון יענער זייט ים ווייסט מען, אז מען נייט זיי מיט קאַנאַפּיעס־פעדים, און דעריבער דאַרף מען זיי ניט בודק זיין. ומנעל של זרד, א שיך אויסגעבעט מיט וואָל איז ניטאָ אין אים צוליב כלאים. טייל זענען גורס „זרב", און דער טייטש איז אויך דערזעלבער, א שיך, וואָס אויף די זוילן אינוועניג ליגט א שטיקל וואָל. דער ברטנורא טייטשט, אז מען דאַרף ניט מורא האָבן טאָמער האָט מען דאָרט אריינגעטאָן אויך פלאַקס. דער רמבם טייטשט, אז ווייל דער פוס־טריט פון מענטש איז הארט שאַדט ניט אפילו אויף דער זויל איז יאָ דאָ שעטנז, ווייל דער פוס האָט סיי ווי ניט קיין הנאה דערפון. דער ר״ש טייטשט גאָר, אז „זרד" מיינט, אז עס איז אויסגעבעט מיט פלאַקס, און מען דאַרף ניט מורא האָבן טאָמער האָט מען צוגעמישט וואָל.

ח. אין, עס איז ניט אסור צוליב כלאים (שעטנז) נאָר ווען עס איז געשפּינען און געוועבט, ווארום עס שטייט (דברים כ״ב) „זאָלסט ניט אָנטאָן שעטנז", א זאַך, וואָס איז שוע, גליאַטיק, טווי, געשפּינען, ונוז, און געוועבט. די משנה לערנט, אז אויב מען מישט צונויף רויהע וואָל מיט רויהען פלאַקס און מען טוט אָן דעם דאָזיקן געמיש הייסט דאָס נישט קיין שעטנז; דער איסור איז ווען דער וואָל איז געשפּינען אין פעדים

**מעשר שני אַכסרה. את שדמיו ידועים יפדה על פי עד אחד, ואת שאין דמיו ידועים יפדה על פי שלשה; כגון היין שקרם ופירות שהרקיבו ומעות שהחליאו.**

**ג. בעל הבית אומר בסלע ואחר אומר בסלע, בעל הבית קודם, מפני שהוא מוסיף חומש. בעל הבית אומר בסלע ואחר אומר בסלע**

---

א סלע. מחמת ביים פארקויפן א סלע נעמט דער געלט־וועקסלער מער פרוטות, און ווען ער פארקויפט פרוטות, און נעמט א סלע, גיט ער ווינציקער פרוטות, ווייל ער דארף דאָך פארדינען. „שולחני" הייסט א מענטש, וואָס זיין געשעפט איז צו וועקסלען (טוישן) געלט, גרויסע אויף קליינע און קליינע אויף גרויסע. ער שטייט ביי א טיש, אויף וועלכן עס ליגט דאָס געלט, און ער טוישט. דערפון איז „שולחני", פון „שולחן", טיש. „פורט" הייסט געבן גרויסע־געלט און נעמען קליין־געלט; „מצרף" (צונויפנעמען) הייסט געבן קליין־געלט און נעמען גרויס געלט. ואין פודין, און מען טאָרניט אויס־לייזן מעשר שני אויף קוק. **דאָס הייסט, מען טאָר ניט נעמען סתם א קופע פרוכטן מעשר שני און זי אָפשאַצן אויפן קוק און זאָגן, אַז עס איז מסתמא פאַראַן אַזוי פיל נאָר מען מוז אפציילן אָדער אָפוועגן. וועגן וואָרט „אכסרה" האָבן מיר געשריבן פריער אין מסכתא דמאי פרק ב' משנה ה'.** את שדמיו, די (מעשר־שני־פרוכטן), וואָס זייער געלט איז באוואוסט (עס האָט א פעסטן פרייז) זאָל ער אויסלייזן דורך איין עדות, **עס איז געוווג אז איין סוחר זאָל זאָגן, אז דאָס איז דער פרייז פון די פרוכטן.** ואת שאין דמיו, און די (מעשר שני פרוכטן) וואָס זייער געלט איז ניט באוואוסט (זיי האָבן ניט קיין פעסטן פרייז), זאָל מען זיי אויסלייזן דורך דריי (מענטשן). **ווייל דער פרייז איז ניט באַוואוסט, דארף מען האָבן דריי מענטשן, סוחרים, וועלכע זאָלן אָפשאַצן דעם ווערט, און פאר אזוי פיל געלט דארף ער אויסלייזן דעם מעשר שני.** כגון, א שטייגער ווי וויין, וואָס האָט אָנגעהויבן זויער ווערן, אָדער פרוכטן וואָס זענען פארפוילט אָדער קופער־מטבעות וואָס זענען פאַרזשאווערט. **„קרם", איז דער טייטש „ארויפנעמען אַ הייטל" („קרום", אַ הייטל"); פאַראַן אויך אַ גירסא „קסס". דער טייטש איז „קאליע ווערן פון וויין", אנשטאָט „החליאו", איז פאראן די גירסא „החלידו", פארזשאווערט ווערן.**

ג. בעל הבית, אויב (ביים אויסלייזן מעשר שני) זאָגט דער בעל הבית: „פאר א סלע", און א פרעמדער זאָגט: „פאר א סלע", איז דער בעל הבית בילכער, ווייל ער לייגט צו א פיפטל (חומש). **מיר האָבן געגעבן אין דער הקדמה צו דער מסכתא מעשר שני, אז ווען דער בעל הבית, צו וועמען דער מעשר שני געהערט, לייזט אויס דעם מעשר־שני, דארף ער צו־לייגן צום קרן־פרייז א „חומש", א פיפטל; דאָס איז אייגנט־ליך א פערטל, אזוי אז צוזאמען מיטן קרן־פרייז איז עס פינף פערטל, און ממילא איז דאָס פערטל אַ פיפטל. אויב אָבער אַ פרעמדער לייזט אויס דעם מעשר־שני (ניט ער קויפט, נאָר ער לייזט זיי אויס, אזוי אז די געלט ווערט מעשר שני און די פרוכטן ווערן חולין, זע אין פרק א' משנה א'), דארף ער ניט צולייגן דאָס פיפטל. זאָגט די משנה, אז אויב דער בעל הבית וויל געבן פאר דעם מעשר שני א סלע און א פרעמדער וויל געבן א סלע, איז דער בעל הבית בילכער, ווייל ער לייגט דאָך נאָך צו דאָס פיפטל.** בעל הבית, אויב דער בעל הבית זאָגט: „פאר א סלע", און א פרעמדער זאָגט: פאַר אַ סלע און אן „איסר", איז דער (פרעמדער) מיט'ן סלע און אן איסר בילכער, ווייל ער לייגט־צו צום קרן. **א סלע האָט 96 „איסר"־מטבעות („איסר" איז א רוימישע מטבע „אסאריוס"); זאָגט די משנה, אז כאָטש דער בעל הבית וואָלט געדארפן צו־לייגן צום סלע נאָך א חומש, א פערטל פון דעם סלע, דאָס איז נאָך 24 איסר־מטבעות; און דער פרעמדער האָט דאָך צוגעגעבן נאָר איין איסר פונדעסטוועגן איז דער פרעמדער ביל־כער און צו אים געהערן די מעשר־שני פרוכטן, ווייל ער האָט צוגעלייגט צום קרן־**

ואיסר, את של סלע ואיסר קודם, מפני שהוא מוסיף על הקרן. הפּודה מעשר שני שלו מוסיף עליו חמישית בין שהוא שלו ובין שניתן לו במתנה.

ד. מערימין על מעשר שני. כיצד? אומר אדם לבנו ולבתו הגדולים, לעבדו ולשפחתו העברים: „הילך מעות אלו ופדה לך מעשר שני זה״; אבל לא יאמר כן לבנו ולבתו הקטנים, לעבדו ולשפחתו הכנענים, מפּני שידן כידו.

ה. היה עומד בגורן ואין בידו מעות, אומר לחברו; „הרי הפּירות האלו נתונים לך במתנה״, חוזר ואומר „הרי אלו מחוללין על מעות שבבית״.

---

פרייז פון מעשר שני, און עפּיס מער אויפן קרן פרייז איז חשובער פון דעם פיפטל (חומש); ווארום דער דין איז, אז מען מעג מיט דעם חומש מאַכן א ערמה, אן אויסדריי, אז מען זאָל אים ניט באַצאָלן. ווי עס לערנט ווייטער די משנה ד׳. הפּודה, אז איינער לייזט אויס זיין מעשר שני, דארף ער צו־לייגן א פיפטל, סיי ווען ער איז זיינער, סיי ווען ער האָט אים באַקומען אַ מתנה. די מפרשים טייטשן, אויפן יסוד פון ירושלמי, אז דאָס מיינט מען, ווען ער האָט באַקומען די פרוכטן א מתנה איידער מען האָט אָפּגעשיידט פון זיי מעשר שני, און ער, דער מתנה־באַקומער, האָט אָפּגעשיידט פון זיי מעשר שני; מחמת דער דין איז, אז מעשר שני קאָן מען ניט געבן א מתנה. זע פריער פרק א׳ משנה א׳.

ד. מערימין, מען מעג מאַכן א ערמה (אן ארויסדריי) ביי מעשר שני. מען מעג טאָן אזוי, אז מען זאָל ביים אויסלייזן דעם מעשר שני ניט דארפן צאָלן דעם חומש (דאָס פיפטל). כיצד, ווי אזוי? דער מענטש (וואָס האָט דעם מעשר שני) זאָגט צו זיין דערוואקסענעם זון אָדער דערוואקסענער טאָכטער, אָדער צו זיין יידישן קנעכט אָדער צו זיין יידישער דינסט: „דאָ האָסטו דו דאָס דאָזיקע געלט (דאָס שענק איך דיר א מתנה) און לייז אויס דעם דאָזיקן מעשר שני״. ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין דער משנה דארף א פרעמדער מענטש, וואָס לייזט אויס דעם מעשר שני, ניט צאָלן דעם חומש. דעריבער ווען דער בעל הבית שענקט זיינע דערוואקסענע קינדער, אָדער זיינע יידישע באַדינער דאָס געלט און זיי לייזן אויס דעם מעשר שני, צאָלן זיי ניט קיין חומש. די משנה האָט, אייגנטליך, געקאָנט זאָגן, אז ער שענקט דאָס געלט צו א פרעמדן; נאָר געוויינטלעך מאַכט מען עס מיט אייגענע מענטשן, וועמען מען קאָן אָנפאַרטרויען, אז זיי וועלן ניט צונעמען דאָס געלט אויף אן אמת. אבל לא יאמר, אָבער ער זאָל דאָס ניט זאָגן צו זיין קליינעם זון אָדער קליינער טאָכטער, אָדער צו זיין גויאישן שקלאַף אָדער צו זיין גויאישער דינסט, ווייל זייער האַנט איז אזוי גוט ווי זיין האַנט. דער דין איז, אז אלץ, וואָס א ניט־דערוואקסענער זון אָדער טאָכטער אָדער גויאישער שקלאַף צי דינסט (כאָטש זיי זענען אין א געוויסער מאָס ווי יידן, זע פריער מסכתא ברכות פרק ג׳ משנה ג׳) פאַרמאָגן, געהערט עס צום פאָטער פון די יינגע קינדער אָדער צום בעל הבית פון דעם שקלאַף צי דינסט; דאָס הייסט „ידן כידו״, זייער האַנט איז ווי זיין האַנט. דעריבער קאָן ער דאָך זיי ניט שענקען דאָס געלט פאַר א מתנה.

ה. היה עומד, אויב ער (דער בעל הבית פון מעשר שני) איז געשטאַנען אין שייער און ער האָט ניט קיין געלט (צו שענקן זיין פריינט, כדי צו מאַכן די ערמה ווי פריער אין דער משנה), זאָגט ער צו זיין פריינט: „די דאָזיקע פרוכטן גיב איך דיר א מתנה״, און דערנאָך זאָגט ער: „זאָלן די פרוכטן זיין אויסגעטוישט אויף דעם געלט וואָס איך האָב אין הויז״. דאָ זאָגט די משנה, ווי אזוי מען קאָן מאַכן די ערמה אפילו ווען דער בעל הבית האָט ניט ביי זיך קיין געלט צו געבן אן אנדערן א מתנה, אז יענער זאָל אויסלייזן דעם מעשר שני אָן א חומש. דער רמבם זאָגט, אז לויט דער מיי־

**ו. משך ממנו מעשר בסלע ולא הספיק לפדותו עד שעמד בשתים, נותן לו סלע ומשתכר בסלע, ומעשר שני שלו. משך ממנו מעשר בשתים ולא הספיק לפדותו עד שעמד בסלע, נותן לו סלע מחולין, וסלע של מעשר שני שלו. אם היה עם הארץ, נותן לו מדמאי.**

נוגג, אז מעשר שני קאָן מען געבן א מתנה, מיינט מען דאָ פּרוכטן פון מעשר שני זעלבסט; און לויט דער מיינונג, אז מעשר שני קאָן מען ניט געבן א מתנה, מיינט מען דאָ, אז ער האָט אוועקגעשיקט זיין פריינט די פּרוכטן אײדער מען האָט אָפּגעשיידט מעשר שני, און דער פריינט האָט אָפּגעשיידט מעשר שני, און דערנאָך האָט דער ערשטער בעל הבית אויסגעלייזט דעם מעשר שני מיט דעם געלט וואָס ער האָט אין הויז.

ו. משך ממנו, אויב ער האָט צוגענומען פון אים דעם מעשר שני פאַר (דעם פּרייז פון) א סלע און ער האָט ניט באַוויזן אויסצולייזן אים (צו באַצאָלן דאָס געלט) ביז עס איז געוואָרן ווערט צוויי (סלעים), דאַרף ער אים געבן א סלע, און ער פאַרדינט א סלע, און דער מעשר שני איז זיינער. **דער ר״ש און דער ברטנורא טייטשן, אז דאָ איז דער פאַל מיט איינעם וואָס האָט פאַרקויפט זיינע מעשר־שני־פּרוכטן, אזוי אז דאָס געלט וואָס דער פאַרקויפער באַקומט פאַר די פּרוכטן ווערט מעשר שני און די פּרוכטן ווערן חולין. אזא פאַרקויפן מעשר שני מעג מען יאָ (זע פריער פּרק א׳ משנה א׳), מחמת דאָס הייסט דאָך אויסגעלייזט דעם מעשר שני. דער דין איז, אז ווען מען פאַרקויפט פּרוכטן ווערן זיי דאָס אייגנטום פון קויפער ערשט דעמאָלט, ווען דער קויפער נעמט זיי צו (דאָס הייסט „משיכה״, „צונעמען״), כאָטש ער האָט נאָך ניט באַצאָלט קיין געלט פאַר זיי. אָבער אויסלייזן מעשר שני קאָן מען נור דורך געבן דאָס געלט. זאָגט די משנה, אויב דער קויפער האָט צוגענומען די מעשר־שני־פּרוכטן פאַר דעם פּרייז פון איין סלע, אָבער ער האָט נאָכניט געהאַט געגעבן דאָס געלט און דערווייל זענען די פּרוכטן געוואָרן טייערער און זייער פּרייז איז געוואָרן צוויי סלעים, דאַרף דער קויפער געבן דעם פאַרקויפער ניט מער ווי איין סלע, מחמת ער האָט דאָך שוין קונה געווען די פּרוכטן דורך צונעמען זיי. אָבער אזוי ווי דער מעשר שני איז דאָך נאָכניט אויסגעלייזט, ווייל ער האָט קיין געלט ניט געגעבן; דעריבער מוז ער אויסלייזן די מעשר־שני־פּרוכטן אויף נאָך א סלע, ווייל איצט זענען דאָך די פּרוכטן ווערן צוויי סלעים׳ אָבער דעם צווייטן מעשר־שני־סלע דאַרף דער קויפער ניט געבן צו דעם פאַרקויפער, נאָר ער פאַרהאַלט אים פאַר זיך. קומט אויס, אז דער פאַרקויפער האָט איין סלע מעשר־שני־געלט, און דער קויפער האָט אויך איין סלע מעשר־שני־געלט, און דער דאָזיקער סלע איז זיינער, ער האָט „פאַרדינט דעם סלע״.**
משך ממנו מעשר בשתים, אויב ער האָט צוגענומען ביי אים דעם מעשר־שני פאַר צוויי (סלעים), און ער האָט ניט באַוויזן אים אויסצולייזן (צו באַצאָלן דערפאַר דאָס געלט) און ער איז ווערט געוואָרן איין סלע, דאַרף ער אים געבן איין סלע פון חולין־(געלט), און איין סלע פון זיין מעשר־שני־(געלט). **מחמת אין איצטיקן פאַל דאַרף דאָך דער קויפער יאָ געבן דעם פאַרקויפער צוויי סלעים, אָבער מעשר שני קאָן דאָך נור ווערן איין סלע, ווייל בעת דעם אויסלייזן זענען דאָך די פּרוכטן מער ניט ווערט ווי איין סלע. זאָגט די משנה די עצה, אז דער קויפער זאָל געבן דעם פאַרקויפער איין סלע געוויינטליכע געלט, חולין־געלט, און דער סלע ווערט מעשר־שני; און דעם צווייטן סלע זאָל דער קויפער נעמען פון זיינע אייגענע מעשר־שני־געלט, וואָס ער האָט ליגן און זאָל אים געבן דעם פאַרקויפער. אזוי אַרום ווערט אויסקומען, אז דער פאַרקויפער וועט טאַקע באַקומען צוויי סלעים, וועלכע זענען מעשר שני, אָבער נור איין סלע איז געוואָרן איצט מעשר שני.** אם היה, אויב ער (דער פאַרקויפער) איז געווען א עם־הארץ זאָל ער אים געבן פון דמאי. **אויב דער פאַרקויפער איז א עם הארץ, און מען טאָר**

**ז. הפודה מעשר שני ולא קרא שם, ר׳ יוסי אומר, דיו; ר׳ יהודה אומר, צריך לפרש. היה מדבר עם האשה על עסקי גטה וקדושיה, ונתן לה גטה וקדושיה ולא פירש, ר׳ יוסי אומר, דיו; ר׳ יהודה אומר צריך לפרש.**

**ח. המניח איסר ואכל עליו חציו והלך למקום אחר, והרי הוא יוצא בפונדיון, אוכל עליו עוד איסר. המניח פונדיון ואכל עליו חציו והלך**

---

**ניט געבן צו א עם הארץ מעשר־שני־געלט, ווייל מען האָט מורא טאָמער וועט ער ניט אָפּהיטן מיט אים די דינים פון מעשר שני (ניט עסן בטהרה די געקויפטע עסנ־ווארג), זאָל ער אים געבן דעם צווייטן מעשר־שני־סלע ניט פון זיכערן מעשר־שני נאָר פון דמאי, פון אזא מעשר שני, וואָס מען האָט נור אָפּגעשיידט צוליב א ספק (זע אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי) און אַזעלכן מעג מען יאָ געבן צו א עם הארץ. טייל זענען גורס „מדמיו״. דאָס הייסט, אז ער זאָל אים ביידע סלעים געבן פון זיין אייגן געלט פון חולין־געלט.**

ז. הפודה, אז איינער לייזט אויס מעשר שני און האָט ניט אָנגערופן קיין נאָמען (ער האָט נור אוועקגעלייגט דאָס געלט און ניט געזאָגט, אז דאָס איז די אויסלייזונג פון די מעשר שני פרוכטן), זאָגט ר׳ יוסי, אז עס איז גענוג, אָבער ר׳ יהודה זאָגט, אז ער דארף ארויסזאָגן. **ר׳ יוסי האלט, אז עס איז גענוג, אויב ער האָט אינזינען געהאָט, אז מיט דעם געלט ווערן אויסגעלייזט די מעשר־שני־פרוכטן; אָבער ר׳ יהודה האַלט, אז אינזינען האָבן אליין איז ניט גענוג נאָר ער מוז זאָגן בפירוש.** היה מדבר, אויב איינער האָט גערעדט מיט א פרוי וועגן די ענינים פון איר גט (אויב ער איז געווען איר מאן) אָדער מקדש־זיין־איר (אויב ער איז נאָכניט געווען איר מאן) און ער האָט איר געגעבן איר גט אָדער איר קידושין־(געלט), און ער האָט ניט ארויסגעזאָגט („דאָס איז דיין גט״, אָדער „דו ביזט צו מיר מקודש״), זאָגט ר׳ יוסי, אז עס איז גענוג (און דער גט איז אַ גוטער גט, און די קידושין זענען גוטע קידושין), און ר׳ יהודה זאָגט, אז ער מוז ארויסזאָגן. **די דאָזיקע משנה ווערט דאָ געבראַכט אגב אורחא, ווייל ר׳ יוסי און ר׳ יהודה זענען דאָ מחולק אין דעמזעלבן דין ווי ביים אויסלייזן מעשר שני; צי מען דארף ארויסזאָגן צי ניט.**

ח. המניח. איסר, אז איינער האָט אוועקגעלייגט אַן איסר (אויסצולייזן אויף אים מעשר שני פרוכטן וועלכע ער האָט), און ער האָט געגעסן אויף אים פאַר א האלבן איסר (מעשר־שני פרוכטן), און ער איז אוועקגעגאנגן אין אַן אנדער אָרט, און דאָרט איז ער (דער איסר) ווערט א פונדיון, מעג ער עסן אויף אים פאַר נאָך איין איסר. **„פונדיון״ איז די אלט־רוימישע מטבע „דופּאָנדיום״, און איין „פונדיון״ איז געווען צוויי „איסרים״ (אַן איסר איז די אלט־רוימישע מטבע „אסאַריאַן״). אָבער ניט או־מעטום האָבן די מטבעות געהאַט דעמזעלבן ווערט, זאָגט די משנה, אויב איינער האָט געהאַט מעשר שני־פרוכטן און ער האָט אוועקגעלייגט אַן איסר־מטבע, כדי אז ווען ער וועט עסן פון די מעשר שני פרוכטן זאָל דאָס וואָס ער וועט עסן אויסגעלייזט ווערן אויף א טייל פון דעם איסר, וויפיל דאָס עסן וועט באַטרעפן. און ער האָט געגעסן מעשר שני פרוכטן פאַר א האַלבן איסר; איז דאָך אין דעם איסר נאָך פארבליבן א האלבער איסר, אויף וועלכן ער קאָן נאָך עסן מעשר שני פרוכטן. אָבער ער איז אוועק־געגאַנגען אין אַן אַנדער אָרט, און דאָרט איז דער איסר ווערט געווען טאָפּלט, א פונדיון, און ממילא איז דער פארבליבענער האלבער איסר ווערט א גאַנצן איסר. זאָגט די משנה, אז ער מעג עסן אויף אים מעשר שני פרוכטן פאַר א גאַנצן איסר.** המניח פונ־דיון, אז איינער האָט אוועקגעלייגט א פונדיון און האָט געגעסן אויף אים פאַר א האלבן פונדיון, און ער איז אוועקגעגאנגען אין אַן אנדער אָרט, און דאָרט איז דער פונדיון ווערט א איסר, מעג ער עסן נאָך א העלפט (פלג). **ער מעג עסן אויף דעם האלבן**

**למקום אחר, והרי הוא יוצא באיסר, אוכל עליו עוד פלג. המניח איסר של מעשר שני, אוכל עליו אחד עשר (ב)איסר ואחד ממאה באיסר. בית שמאי אומרים, הכל עשרה. ובית הלל אומרים, בודאי אחד עשר, ובדמאי עשרה.**

---

פונדיון ניט מער ווי פאר א האלבן איסר. אָבער א האלבן איסר מעג ער יאָ עסן, אוז מען זאָגט ניט, אז ווייל ער האָט שוין געגעסן פאר א האלבן פונדיון, דאָס הייסט פאר אן איסר, און אזוי ווי דער פונדיון איז דאָך איצט מער ניט ווערט ווי אן איסר, זאָל ער ניט טאָרן מער עסן אויף אים. המניח איסר של מעשר שני, אז איינער לייגט אוועק אן איסר פון מעשר שני מעג ער עסן אויף אים עלף פון אן איסר און איין הונדערטסטל פון אן איסר. די דאָזיקע משנה איז זייער א שווערע, און די מפרשים זאָגן אויף איר א סך פירושים, וועלכע זענען זיך סותר. דער רמבם און דער ברטנורא טייטשן די משנה, אז דאָ זענען פאראן צוויי באזונדערע דינים; איין דין איז, אויב דער איסר איז געווען פון געלט פון זיכערן מעשר שני, פון ודאי, און דער צווייטער דין, אויב דער איסר איז געווען פון דמאי־מעשר־שני, וואָס מען האָט אָפּגעשיידט צוליב א ספק (זע אין דער הקדמה צו דער מסכתא פון דמאי). די משנה לייגט זיך דעריבער אזוי; אז איינער האָט אוועקגעלייגט אן איסר מעשר־שני־געלט, מעג ער עסן אויף אים א עלפטל אין אן איסר, אויב עס איז געווען דמאי־מעשר־שני, און איין הונדערטסטל אין אן איסר, אויב עס איז געווען ודאי־מעשר־שני. און דער טייטש דערפון איז, אז אויב למשל מען קריגט פאר אן איסר עלף מילגרוימען, און ער האָט פון זיי געגעסן צען מילגרוימען אלס מעשר שני, מעג ער שוין עסן דעם עלפטן מילגרוים (דאָס עלפטל פון איסר) ניט אלס מעשר שני נאָר אלס חולין. דאָס איז ביי דמאי. און ביי ודאי איז דער דין, אז ניט א עלפטל נאָר א הונדערטסטל; למשל, אויב מען באַקומט 100 טייטלען פאר אן איסר, און ער האָט געגעסן, 99 פון זיי אלס מעשר שני, מעג ער שוין דעם הונדערטסטל טייטל, דאָס הייסט א הונדערטסטל פון איסר, עסן ניט אלס מעשר שני נאָר אלס חולין. לויט דעם פשט טייטשט דער רמבם אויך ווייטער די משנה; בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז אלץ איז צען. די בית שמאי זאָגן, אז סיי ביי מעשר שני געלט פון ודאי און סיי פון דמאי, אויב ער האָט געגעסן ניין צענטל פון אים אלס מעשר שני מעג ער שוין עסן לעצטע צענטל אלס חולין; למשל, אויב מען באַקומט 10 מילגרוימען פאר אן איסר, און ער האָט געגעסן ניין פון זיי אלס מעשר שני מעג ער שוין דאָס לעצטע צענטל עסן אלס חולין. ובית הלל, אָבער די בית הלל זאָגן, אז ביי ודאי איז עלף (א עלפטל) און ביי דמאי צען (א צענטל). לויט די בית הלל מעג ער נאָר ביי דמאי עסן דאָס לעצטע צענטל אלס חולין, אָבער ביי ודאי מעג ער עסן נור דאָס לעצטע עלפטל אלס חולין. דער טעם פון די בית הלל איז, ווייל אן איסר האָט 8 פרוטות, און אויב ער וועט נעמען א עלפטל דערפון איז עס אכט עלפטל פון א פרוטה, און אזוי ווי ער דארף דאָך צולייגן (פאר אויסטוישן מעשר שני) דעם חומש (א פערטל, זע פריער אין משנה ג׳) דאָס הייסט נאָך צוויי עלפטל, איז עס צוזאַמען צען עלפטל ון אַ פרוטה, דאָס הייסט ניט קיין גאַנצע פרוטה (א גאנצע איז דאָך עלף עלפטל), און יט קיין גאנצע פרוטה, א פחות משוה פרוטה, הייסט ניט קיין געלט, סיי בנוגע גזלה, יי מען איז נהנה פון הקדש (הייליקע זאכן). אָבער ביי דמאי דארף מען דאָך ניט אָלן קיין חומש ביים אויסלייזן מעשר שני (זע מסכתא דמאי פרק א׳ משנה ב׳), מעג ער עסן אלס חולין א צענטל פון איסר, ווייל א צענטל איז דאָך אכט צענטל פון אַ רוטה, און דאָס חומש, די צוויי צענטל, דארף ער דאָך ניט צולייגן, איז דאָך עס אַ פחות משוה פרוטה״, ווינציקער פון א פרוטה, און ער מעג עס דעריבער עסן אלס ולין. די אַנדערע מפרשים ברענגן נאָך פירושים, און אלע זענען שווער.

**ט. כל המעות הנמצאים הרי אלו חולין, אפילו דינר זהב עם הכסף ועם המעות. מצא בתוכן חרס וכתוב עליו „מעשר״ הרי זה מעשר.**

**י. המוצא כלי וכתוב עליו „קרבן״, ר׳ יהודה אומר, אם היה של חרס, הוא חולין ומה שבתוכו קרבן, ואם היה של מתכת, הוא קרבן ומה שבתוכו חולין. אָמרו לו, אין דרך בני אדם להיות כונסין חולין לקרבן.**

**יא. המוצא כלי וכתוב עליו ק׳—קרבן, מ׳—מעשר, ד׳—דמאי, ט׳—טבל, ת׳—תרומה, שבשעת סכנה היו כותבין ת׳ תחת תרומה. ר׳ יוסי**

---

ט. כל המעות, אלע געלטער, וועלכע מען געפינט, זענען חולין. אויב מען געפינט געלט דארף מען ניט קלערן טאָמער איז עס מעשר שני געלט; מען מעג עס פארנוצן אלס געלט פון חולין. דער ברטנורא (אויפן יסוד פון דער משנה אין מסכתא שקלים פרק ז׳ משנה ב׳) זאָגט, אז אין ירושלים איז עס חולין נור ווען מען געפינט עס א גאנץ יאָר, דאקייגן אין די יום־טוב־טעג אויב מען געפינט געלט אין ירושלים דארף מען יאָ קלערן טאָמער איז עס פון מעשר שני. אפילו דינר, אפילו (אין דעם געפינענעם געלט) איז געווען א גאָלדענער דינר צוזאמען מיטן זילבער־געלט און מיטן קופער־געלט. מען קאָן דאָך מיינען, אז ווייל עס איז דאָך ניט דער שטייגער צו לייגן צוזאַמען גאָלד מיט זילבער־געלט און קופער־געלט, קאָן דעריבער זיין, אז דאָס איז מעשר שני־געלט, וואָס מען פלעגט יאָ האַלטן אין גאָלד און זילבער און קופער; פונדעסטוועגן דארף מען אויך אין אזא פאל ניט קלערן. מצא בתוכן, אויב ער האָט צווישן זיי (צווישן די געפינענע געלט) געפינען א שערבל, און אויף אים איז געווען אויפגעשריבן „מעשר״, איז עס (דאָס געלט) מעשר (שני), אמאָל פלעגט מען שרייבן אויף שערבלעך, אָבגעבראָכענע שטיקלעך פון קרוגן צי אנדערע ערדענע כלים, די משנה זאָגט, אז אויב אויף דעם שערבל איז געווען אויפגעשריבן „מעשר״, הייסט עס, אז דער בעל הבית פון געלט האָט דאָס אוועקגעלייגט פאר א סימן, אז דאָס איז מעשר, שני־געלט.

י. המוצא כלי, אז איינער געפינט א כלי און דערויף איז אָנגעשריבן „קרבן״, זאָגט ר׳ יהודה, אויב זי איז א ערדענע (כלי), איז זי חולין און וואָס עס איז פאראן אין איר, איז קרבן; און אויב זי איז א מעטאַלענע, איז זי קרבן און וואָס עס איז פאראן אין איר איז חולין. דאָס וואָרט „קרבן״ מיינט „הקדש״, מקדיש געווען צום בית המקדש. זאָגט ר׳ יהודה, אז אויב די כלי איז געווען אן ערדענע און אין דער כלי האָט זיך געפונען עפיס (געלט צי אַנדערע זאכן וואָס האָבן א ווערט), איז די כלי חולין, ניט קיין הקדש, ווייל עס איז ניט דער שטייגער פון מענטשן מקדיש צו זיין צום בית המקדש א ערדענע כלי; אָבער דאָס, וואָס געפינט זיך אין דער כלי, איז קרבן, איז הקדש. אויב אָבער די כלי איז געווען א מעטאַלענע, און אזוי ווי עס איז דער שטייגער מקדיש צו זיין מעטאַלענע כלים צום בית המקדש, איז די כלי הקדש, און דאָס וואָס איז אינווייניק איז חולין; ווייל מען נעמט אָן, אז די אויפשריפט „קרבן״ איז געווען א סימן, אז די כלי אליין איז הקדש. אָמרו לו, האָבן די חכמים געזאָגט צו אים (צו ר׳ יהודה), עס איז ניט דער שטייגער פון מענטשן אריינצולייגן חולין אין קרבן. די חכמים האַלטן, אז ביי א מעטאַלענער כלי זענען ביידע הקדש, סיי די כלי און סיי דאָס וואָס איז אינווייניק, ווייל מענטשן ווען ניט אריינלייגן חולין־זאכן אין הקדש.

יא. המוצא כלי, אז איינער געפינט א כלי און עס איז דערויף אָנגעשריבן „ק״, איז עס „קרבן״, „מ״ איז עס מעשר״, „ד״ איז עס „דמאי״, „ט״, איז עס „טבל״, „ת״ איז עס „תרומה״, ווייל אין דער צייט פון סכנה האָט מען געפלעגט שרייבן „ת״ אנשטאָט „תרומה״. עס זענען געווען צייטן אין ארץ ישראל ווען פרעמדע רעגירונגן האָבן דאָרט געהערשט און האָבן גוזר געווען אויף יידן, אז זיי זאָלן ניט אָפּהיטן מצוות, און עס איז געווען א סכנה אָפּצוהיטן מצוות אָפּענערהייט. אין אזא סכנה־

**אומר כולם שמות בני אדם הם. אמר ר׳ יוסי, אפילו מצא חבית והיא מלאה פירות וכתוב עליה תרומה, הרי אלו חולין, שאני אומר אשתקד היתה מלאה פירות תרומה ופינה.**

**יב. האומר לבנו „מעשר שני בזוית זו״, ומצא בזוית אחרת הרי אלו חולין. היה שם מנה ומצא מאתים, השאר חולין. מאתים — ומצא מנה, הכל מעשר.**

---

צייט („שעת סכנה״) פלעגט מען זיך געבן סימנים פארשטעלט, און די משנה זאָגט דאָ, אַז מען האָט געוואָלט שרייבן „תרומה״ האָט מען געשריבן אין ראשי תבות, א „ת״ אליין. דעריבער ווען מען געפינט א כלי און עס איז פאראן אויפגעשריבן איין אות איז עס די ראשי תבות פון א גאנץ וואָרט, וואָס האָט די באדייטונג פון א מצוה; א „ק״ מיינט קרבן (הקדש); א „מ״ מיינט מעשר שני; א „ד״ מיינט דמאי, א ״ט״ מיינט „טבל״, א „ת״ תרומה. ר׳ יוסי אומר, ר׳ יוסי זאָגט, אלע זענען זיי נעמען פון מענטשן. ר׳ יוסי האלט, אַז מען דאַרף ניט אויסטייטשן די אותיות, אַז זיי זענען ראשי תבות פון קרבן, צי תרומה, נאָר דאָס זענען די ראשי תיבות פון נעמען פון מענטשן, למשל „ק״ איז „קהת״, „ד״ איז דניאל, „ט״ איז „טוביה״ און אזוי כסדר, און מען מעג די פרוכטן וואָס זענען אינווייניק פארנוצן אלס חולין. אמר ר׳ יוסי, האָט ר׳ יוסי געזאָגט, אפילו ער געפינט א פאס, און זי איז פול מיט פרוכטן, און אויף איר איז אָנגעשריבן „תרומה״, זענען זיי חולין, ווייל איך זאָג, אַז פאראיאָרן, אשתקד) איז זי געווען פול מיט פרוכטן פון תרומה, און ער האָט זי אויסגעליידיקט. ר׳ יוסי זאָגט, אַז אפילו ווען עס שטייט בפירוש אָנגעשריבן „תרומה״ אויף א פאס מיט פרוכטן, קאָנען מיר זאָגן, אַז מיט א יאָר צוריק איז טאקע געווען אין דער פאס תרומה־פרוכטן, אָבער יענע פרוכטן האָט ער ארויסגענומען פון פאס, און די איצטיקע פרוכטן זענען חולין. „אשתקד״ איז דער טייטש „דאָס פריערדיקע יאָר״, און דאָס איז אַן אראמעאיש וואָרט צוזאמענגעזעצט פון „שתא קדמייתא״.

יב. האומר לבנו, אַז איינער זאָגט צו זיין זון: „דאָס מעשר שני (געלט) געפינט זיך אין דאָזיקן ווינקל״, און ער (דער זון) האָט (אין יענעם ווינקל ניט געפינען, נאָר ער האָט) געפינען (געלט) אין אַן אנדער ווינקל, איז עס חולין. ווייל מען נעמט אָן, אַז דאָס איז אנדערע געלט, און אַז יענע, די מעשר שני, האָט מען פריער צוגענומען. היה שם מנה, אויב דאָרט איז געהאַט געווען הונדערט גילדן (מעשר שני געלט) און ער האָט געפינען צוויי הונדערט, איז דאָס איבעריקע חולין. די מפרשים טייטשן, אַז דער פאָטער האָט געזאָגט צום זון, דאָס אין א געוויסן אָרט ליגט הונדערט גילדן („מנה״, איז הונ־דערט „זוז״) מעשר־שני־געלט, און דער זון האָט דאָרט געפונען ליגן צוויי הונדערט, זענען הונדערט מעשר שני, און די איבריקע הונדערט גילדן זענען חולין. מאתים ומצא מנה, אויב (ער האָט אים געזאָגט) צוויי הונדערט, און ער האָט געפונען הונדערט, איז אלץ מעשר. ווייל מען נעמט אָן, אַז די 100 זיינען א טייל פון די 2 הונדערט גילדן מעשר־שני געלט, און די צווייטע הונדערט האָט עמיצער צוגענומען.

## פרק ה.

די תורה זאָגט אין ויקרא י״ט, אַז ווען איינער פלאנצט פרוכטן־ביימער, זענען די פרוכטן פון די ערשטע דריי יאָר „ערלה״, און מען טאָר זיי ניט עסן. פרוכטן פון פירטן יאָר זענען „קדש הלולים לה׳״, הייליק צו גאָט; די דאָזיקע פרוכטן דאַרף מען אוועקפירן קיין ירושלים און דאָרט זיי עסן. די דאָזיקע פרוכטן פון פערטן יאָר הייסן „כרם רבעי״, דער „פערט־־יאָריקער וויינגאָרטן״, און אויך „נטע רבעי״, דער פערט־יאָריקער פלאַנץ (בוים)״. אויב מען וויל די רבעי־פרוכטן ניט פירן קיין ירושלים, טוישט מען זיי אויס אויף געלט (מען „לייזט זיי אויס״, „פודין״) און דאָס געלט ווערט כרם רבעי און מען פירט עס קיין ירושלים און מען קויפט דאָרט דערפאַר עסנווארק

## פרק ה.

**א. כרם רבעי, מציינין אותו בקוזזות אדמה, ושל ערלה בחרסית, ושל קברות בסיד, וממחה ושופך. אָמר רבן שמעון בן גמליאל, במה דברים אמורים? בשביעית. והצנועים מניחין את המעות ואומרים „כל הנלקט מזה יהא מחולל על המעות האלו״.**

---

און מען עסט, עס, און די פריערדיקע כרם־רבעי־פּרוכטן ווערן איינפאכע פּרוכטן, חולין, און מען מעג זיי עסן אומעטום. צוליב דעם וואָס כרם רבעי איז לויט די דינים בנוגע אוועקפירן קיין ירושלים און אויסלייזן ענליך צו מעשר שני, דעריבער לערנט די משנה די דאָזיקע דינים אין דער מסכתא פון מעשר שני. מיר וועלן דאָס וואָרט כרם רבעי מער ניט איבערזעצן, נאָר שרייבן כרם־רבעי־פּרוכטן.

א. כרם רבעי, כרם רבעי באַצייכנט מען מיט האַרטע שטיקלעך ערד. מען דאַרף ביי א גאָרטן מיט ביימער, וואָס האָבן פּרוכטן אין פערטן יאָר זינט זייער פלאנצן, און זיי זיינען כרם רבעי, מאכן א צייכן, א סימן, מיט טרוקענע שטיקלעך ערד, כדי מענטשן זאָלן וויסן, אז דאָס זענען כרם־רבעי־פּרוכטן און זאָלן זיי ניט עסן. „קוזזות״ איז דער טייטש „שטיקלעך״, און דער „ערוך השלם״ מיינט, אז „קזז״ איז דאָס זעלבע וואָס „קצץ״, אָפּהאקן; דער „ערוך״ זאָגט, אז דאָס מיינט מען שטיקלעך רויטע ערד. ושל ערלה בחרסית, און (ביי א גאָרטן) פון ערלה (מאַכט מען א צייכן) מיט שטיקלעך שערבלעך־ערד. ווען דער גאָרטן מיט די פּרוכטן־ביימער זענען אין די ערשטע דריי יאָר זינט מען האָט זיי געפלאנצט און זיי זענען „ערלה״, מען טאָר זיי ניט עסן און ניט קיין הנאה האָבן פון זיי. דאַרף מען מאכן א צייכן דורך אָנידערלייגן שערבלעך־ערד; חרסית איז פון וואָרט „חרס״, דאָס הייסט, ערד, ליים, פון וועלכע מען מאַכט ערדענע כלים. ושל קברות, און ביי קברים מאכט מען א צייכן פון קאַלך. דער דין איז, אז א כהן צי א נזיר טאָר ניט זיין צווישן קברים, כדי ניט טמא צו ווערן; מען מאַכט דעריבער ביי קברים א צייכן מיט ווייסן קאַלך, כדי מען זאָל וויסן, אז דאָ זענען קברים. די גמרא בבא קמא ס״ט זאָגט, אז כרם רבעי מעג מען דאָך עסן אין ירושלים אָדער ווען מען לייזט עס אויס, דעריבער מאַכט מען דעם סימן מיט ערד, ווייל אין ערד וואקסט און מען קאָן ארויסבאקומען פון איר פּרוכטן; ערלה טאָר מען דאָך ניט עסן און אפילו ניט הנאה האָבן, באַצייכנט מען איר מיט שערבלעך־ליים, וואו קיין זאך וואקסט ניט; קברים באַצייכנט מען מיט ווייסן קאַלך, עס הייסט, אז עס איז ווייס, ווי מענטשן־ביינער. וממחה ושופך, און ער ווייקט איין (דעם קאַלך אין וואסער) און באגיסט (דעם קבר). די גמרא דאָרט אין בבא קמא ס״ט זאָגט, אז דאָס איז כדי עס זאָל זיין נאָכמער ווייס, „ממחה״ איז דער טייטש צעקוועטשן, צערייבן; ער צערייבט אים אין וואסער. אָמר רבן שמעון בן גמליאל, האָט רבן שמעון בן גמליאל געזאָגט: ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן (אז מען דאַרף מאַכן א צייכן ביי א גאָרטן פון כרם רבעי און ערלה, כדי מענטשן זאָלן ניט נעמען די פּרוכטן? אין שמיטה־יאָר. ווייל אין שמיטה־יאָר געהערן דאָך די פּרוכטן פון גאָרטן צו אלע מענטשן, יעדער מעג דאָך זיי עסן, ניט בעטענדיק קיין דערלויבניש ביים בעל הבית; דעריבער דאַרף מען מאכן דעם צייכן, אז זיי זאָלן וויסן, אז די דאָזיקע פּרוכטן זענען כרם רבעי צי ערלה, און מען טאָר זיי ניט עסן. אָבער אין סתם יאָרן, ווען די פּרוכטן געהערן צום בעל הבית דאַרף מען ניט מאכן קיין צייכן, ווייל אויב ניט־אָרנט־ליכע מענטשן גנבע׳ענען פרעמדע פּרוכטן, דאַרף מען זיי ניט וואָרנען, אז דאָס איז כרם רבעי צי ערלה. והצנועין, און גאָר פרומע מענטשן לייגן אוועק געלט, און זאָגן, אז וואָס מען וועט אָפּרייסן פון די דאָזיקע פּרוכטן זאָל אויסגעטוישט ווערן אויפן דאָזיקן געלט. דאָס איז נאָר ביי כרם רבעי, און ווי מיר האָבן געזאָגט אין אָנהויב פון דאָזיקן פּרק, קאָן מען כרם־רבעי־פּרוכטן אויסלייזן מיט געלט. זאָגט די משנה, אז גאָר פרומע מענטשן, צנועים, וועלכע האָבן א גאָרטן מיט כרם רבעי פּרוכטן, זענען זיך נוהג, אז זיי

**ב. כרם רבעי היה עולה לירושלים מהלך יום אחד לכל צד. ואיזו היא תחומה? אילת מן הדרום ועקרבת מן הצפון; לוד מן המערב והירדן מן המזרח. ומשרבו הפירות התקינו שיהא נפדה סמוך לחומה. ותנאָי היה הדבר, שאימתי שירצו יחזור הדבר לכמות שהיה. ר׳ יוסי אומר, משחרב בית המקדש היה התנאָי הזה; ותנאָי היה, אימתי שיבנה בית המקדש יחזור הדבר לכמות שהיה.**

---

לייגן אוועק ביי זיך אין הויז געלט, און זאָגן, אז די פּרוכטן וואָס פרעמדע מענטשן וועלן אָפּרייסן פון דעם גאָרטן, זאָלן זיין אויסגעטוישט אויף דעם געלט, און ממילא ווערן די פּרוכטן אויס כרם רבעי און די מענטשן מעגן דאָס עסן. וועגן וואָרט „צנועים״ האָבן מיר געגעבן אין מסכתא דמאי פּרק ו׳ משנה ו׳.

ב. כרם רבעי, כרם־רבעי־פּרוכטן האָט מען געדאַרפט פירן קיין ירושלים ווייט איין טאָג־גאנג פון יעדער זייט. ווי מיר האָבן געשריבן אין אָנהייב פון דער פריער־משנה, האָט מען כרם רבעי־פּרוכטן געדאַרפן פירן קיין ירושלים, אָבער מען האָט אויך געקאָנט זיי אויסלייזן מיט געלט, און דאָס געלט פירן קיין ירושלים און קויפן דאָרט דערפאַר עסנווארג. זאָגט דאָ די משנה, אז כרם־רבעי־פּרוכטן, וואָס זענען געוואַקסן אין ערטער, ווייט פון ירושלים צו יעדער זייט פון דער שטאָט, צו מזרח, מערב, צפון, דרום, ניט מער ווי איין טאָג־גאנג, האָט מען די פּרוכטן זעלבסט געמוזט פירן קיין ירושלים, און מען האָט ניט געטאָרט זיי אויסלייזן אויף געלט. די גמרא ראש השנה ל״א זאָגט, אז דאָס איז געווען א תקנה פון די חכמים, כדי די גאסן פון ירושלים זאָלן זיין באַצירט מיט פּרוכטן; דאָס מיינט, אז עס זאָל זיין אין ירושלים גענוג פּרוכטן. אָבער דאָס האָט מען איינגעפירט נור אין די ערטער, וואָס עס געדויערט נאָך איין טאָג צו גיין פון זיי קיין ירושלים. ואיזו היא תחומה? און וואָס איז איר גרעניץ? ביז וואנען ציט זיך דער שטח, וואָס איז ווייט פון ירושלים איין טאָג־גאנג? אילת, די (שטאָט) אילת פון דרום, און עקרבת פון צפון, לוד פון מערב און דער ירדן פון מזרח. די משנה גיט דאָ די ערטער וואָס זענען ווייט פון ירושלים פונקט איין טאָג גאנג, און דאָס זענען די שטאָט אילת אין דרום־זייט פון ירושלים. די דאָזיקע שטאָט האָט אויך געהייסן „עליאטערפּאָליס״, און אויך „בית גוברין״, און עס איז היינט א דאָרף אויפ׳ן וועג פון ירושלים קיין חברון און עס הייסט אין אראביש „בעט דזשיברין״. „עקרבת״ איז ווייט איין־טאָג־גאנג פון ירושלים צו צפון זייט. דאָס איז היינט אן אראביש דאָרף ניט ווייט פון שכם „עקראבא״, און איז געווען אמאָל א גרויסע שטאָט און ווערט דערמאָנט אין ספר יוסיפון לרומיים, וואו זי הייסט „אקראבאטא״. לוד איז אויך היינט א באַקאַנטע שטאָט צו מערב פון ירושלים אויפן וועג קיין יפו־תל־אביב. דער טייך ירדן איז צו מזרח פון ירושלים, און א מענטש דאַרף גיין דעם וועג פון ירושלים צום ירדן אין א טאָג צייט. ומשרבו הפירות, אָבער ווען עס איז געוואָרן א סך פּרוכטן האָט מען מתקן געווען, אז מען זאָל מעגן אויס־ לייזן (כרם רבעי פּרוכטן) לעבן דער מויער (פון ירושלים). ווייל מען האָט געזען, אז רושלים האָט צופיל פּרוכטן און די סוחרים האָבן היזק געהאַט געלט, האָט מען מתקן צוועזן, אז אפילו ווען דער כרם־רבעי־גאָרטן געפינט זיך לעבן דער מויער פון ירושלים, עג מען די פּרוכטן אויסלייזן און ברענגען קיין ירושלים דאָס געלט. ותנאי היה הדבר, און די זאַך איז געווען א תנאי (מען האָט אויסגענומען א תנאי), אז ווען מ׳וועט וועלן, ואָל די זאַך צוריק ווערן ווי עס איז געווען. דער תנאי איז געווען, אַז ווען די חכמים ועלן איינזען, אז עס איז פאראן אין ירושלים ווייניק פּרוכטן, זאָלן זיי קאָנען אפּשאַפן י נייע תקנה. ר׳ יוסי זאָגט, אז ווען עס איז חרוב געוואָרן דאָס בית המקדש האָט מען עמאַכט דעם תנאי; און דער תנאי איז געווען, אז ווען דאָס בית המקדש וועט געבויט וערן זאָל די זאַך ווערן צוריק ווי פריער. ר׳ יוסי זאָגט, אז דאָס וואָס מען האָט אָפּגע־ אפט די תקנה צו פירן די פּרוכטן אליין קיין ירושלים איז ניט געווען, ווייל ירושלים

ג. כרם רבעי, בית שמאי אומרים, אין לו חומש ואין לו ביעור; ובית הלל אומרים, יש לו. בית שמאי אומרים, יש לו פרט ויש לו עוללות, והעניים פודין לעצמן; ובית הלל אומרים, כולו לגת.

ד. כיצד פודין נטע רבעי? מניח את הסל על פי שלשה ואומר, „כמה אדם רוצה לפדות לו בסלע על מנת להוציא יציאות מביתו?״, ומניח את המעות ואומר „כל הנלקט מזה מחולל על המעות האלו בכך וכך סלים בסלע״.

ה. ובשביעית פודהו בשויו. ואם היה הכל מופקר, אין לו אלא שכר

---

האָט געהאַט צופיל פּרוכטן, נאָר ווייל דאָס בית המקדש איז געהאַט חרוב געוואָרן. און דער תנאי איז אז ווען דאָס בית המקדש וועט געבויט ווערן זאָל מען ווידער מוזן פירן די פּרוכטן זעלבסט קיין ירושלים.

ג. כרם רבעי, פּרוכטן פון כרם רבעי, זאָגן די בית שמאי, אז זיי האָבן ניט קיין חומש (פינפטל) און האָבן ניט קיין ביעור (מען דארף זיי ניט אויסרוימען פון שטוב), און די בית הלל זאָגן, אז זיי האָבן יאָ. די משנה האָבן מיר דערקלערט אין מסכתא פּאה ז׳ משנה ו׳. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז (כרם רבעי) האָט פּרט און האָט עוללות, און די אָרימע לייט (וואָס נעמען די פּרט און עוללות פון כרם רבעי) לייזן עס אויס פאר זיך, און די בית הלל זאָגן, אז אלץ גייט אין קעלטער. אויך די דאָזיקע ווי די פריערדיקע מחלוקה פון די בית שמאי און די בית הלל האָבן מיר געהאַט אין מסכתא פּאה פּרק ז׳ משנה ו׳ און דאָרט האָבן מיר געגעבן די דערקלערונג.

ד. כיצד פודין נטע רבעי? ווי אזוי לייזט מען אויס נטע רבעי־ ביז איצט איז אין דער משנה כסדר געווען „כרם רבעי״, וואָס איז דער טייטש „א ווייגאָרטן אין פערטן יאָר״. איצט איז פאראן אין דער משנה „נטע רבעי״, וואָס איז דער טייטש „א פלאנצונג אין פערטן יאָר״, דאָס הייסט אלע פּרוכטן־ביימער. אין דער גמרא ברכות ל״ה איז פאראן וועגן דעם א מחלוקה, צו כרם רבעי מיינט מען נור א ווייגאָרטן און דער דין איז נור ביי ווייטרויבן, אָדער מען מיינט אויך אלע אנדערע פּרוכטן־ביימער. דער רמבם פּסקנט, אז אויך אלע אנדערע ביימער־פּרוכטן זענען כרם רבעי. די משנה ענטפערט דאָ אויף דער שאלה: ווי אזוי לייזט מען אויס די פּרוכטן? מניח את הסל, ער לייגט אוועק דעם קויש (אין וועלכן מען לייגט אריין פּרוכטן) פאר דריי (מענטשן, סוחרים וועלכע קענען די פּרייזן) און ער זאָגט: „וויפיל (אזעלכע קוישן) וויל א מענטש אויסלייזן פאר א סלע מיטן תנאי אז ער זאָל געבן די הוצאות פון זיין הויז״? די משנה זאָגט דאָ עטליכע זאכן. ערשטנס, אז די אפּשאצונג פון דעם פּרייז פון די פּרוכטן דארף זיין דורך דריי מענטשן. צווייטנס, אז אזוי ווי נטע רבעי איז דאָך ניט אראָפּגעריסענע פּרוכטן נאָר זיי זענען דאָך נאָך צו באַהאַפטן צום בוים, און עס קאָסט דאָך הוצאות צו באארבייטן דעם גאָרטן און אָפּצורייסן די פּרוכטן, רעכנט מען אראָפּ די הוצאות פון דעם פּרייז פון די פּרוכטן, און דאָס איבריקע איז דאָס געלט פאר דעם נטע רבעי. למשל אויב 10 קוישן פּרוכטן קאָסטן אין גאס דריי סלעים, אָבער דאָס באארבייטן דעם בוים, אָפּהיטן אים, אראָפּרייסן די פּרוכטן, קאָסטן א סלע, לייזט מען אויס 10 קוישן נטע רבע נאָר פאר צוויי סלעים. ומניח את המעות, און ער (דער בעל הבית פון גאָרטן) לייגט אנידער דאָס געלט, און ער זאָגט: „וואָס מען וועט אפּרייסן פּרוכטן פון דאנען זאָל ווערן אויסגעלייזט אויף דעם דאָזיקן געלט אזוי פיל און אזוי פיל קוישן פאר א סלע״. דאָס וואָרט „נלקט״, „לקט״ איז ניט דער טייטש „קלייבן״, נאָר אָפּרייסן, און עס ווערט באנוצט אין דער משנה פאר אפּרייסן פּרוכטן און גרינסן.

ה. ובשביעית, און אין שמיטה־יאָר לייזט ער אויס (דעם נטע רבעי) לויט זיין ווערט. אין שמיטה־יאָר טאָר מען ניט באארבייטן דעם בוים, און ניט היטן, און מען טאָר ניט נעמען באַצאָלן פאַר אָפּרייסן די פּרוכטן, דעריבער קאָן מען ניט אראָפּרע־

לקיטה. הפודה נטע רבעי שלו מוסיף עליו חמישיתו, בין שהוא שלו ובין שניתן לו במתנה.

ו. ערב יום טוב הראשון של פסח של רביעית ושל שביעית היה ביעור. כיצד היה ביעור? נותנין תרומה ותרומת מעשר לבעלים, ומעשר ראשון לבעליו, ומעשר עני לבעליו, ומעשר שני והבכורים מתבערים בכל מקום. ר׳ שמעון אומר, הבכורים נתנין לכהנים כתרומה. התבשיל

---

**כענען הוצאות, און מען לייזט אויס לויט דעם פולן ווערט פון די פרוכטן. וואס היה,** און אויב אלץ איז געווען הפקר, האט ער ניט מער ווי די באצאלונג פאר אפרייסן. **אויב דער בעל הבית האט** (ניט אין שמיטה, נאר אין סתם־יארן) **מפקיר געווען זיין גארטן, וואס איז נטע רבעי, אזוי אז יעדער קאן נעמען די פרוכטן, מעג דער, וועל־כע נעמט די פרוכטן, אראפרעכענען** (ביים אויסלייזן די נטע־רבעי־פרוכטן מיט געלט) **פאר הוצאות נאר דאס וואס קאסט אפרייסן די פרוכטן. די משנה לערנט דא, אז נטע רבעי איז אויך ביי פרוכטן וואס זענען הפקר, כאטש אנדערע מצוות, ווי תרומה און מעשר, דארף מען ניט אפשיידן פון הפקר־פרוכטן.** הפודה נטע רבע, אז איינ׳ער לייזט אויס זיין אייגענעם נטע רבעי דארף ער צולייגן זיין חומש (דאס פיפטל), סיי עס איז זיינס, סיי ער האט באקומען א מתנה. **די סתם משנה האלט ווי די בית הלל פריער אין משנה ג׳, אז מען דארף יא צאלן דעם חומש. די גמרא אין קידושין נ״ד זאגט, אז מיט מתנה דא אין דער משנה, מיינט מען, אז ער האט באקומען א מתנה דעם גארטן, ווען די פרוכטן זענען נאכניט געווען צייטיק; ווייל ווען די פרוכטן זענען שוין צייטיק, קאן מען ניט געבן כרם רבעי אלס מתנה.**

ו. ערב יום טוב, ערב דעם ערשטן יום טוב פון פסח פון פירטן יאר און פון זי־בעטן יאר איז געווען דער ביעור (דאס אויסרוימען). **כדי מענטשן זאלן ניט האלטן כסדר אין זייערע הייזער די תרומה, וואס זיי דארפן געבן דעם כהן, און דעם מעשר, וואס זיי דארפן געבן לוי, און דעם מעשר־שני און דעם כרם־רבעי און די ביכורים וואס זיי דארפן פירן קיין ירושלים, האט די תורה (דברים י״ד) אנגעזאגט, אז נאך יעדע דריי יאר מוז מען מבער זיין. ארויסרוימען די אלע תרומה און מעשרות און ביכורים פון הויז ארויס. די יארן ווערן גערעכנט נאך דעם שמיטה־יאר, דאס ערשטע יאר נאך שמיטה־יאר הייסט „דאס ערשטע יאר״, דאס צווייטע הייסט דאס צווייטע יאר און אזוי כסדר. זאגט די משנה, אז דער „ביעור״, דאס אויסרוימען, וואס דארף דאך פארקומען נאך יעדע דריי יאר, איז פארגעקומען ערב דעם ערשטן יום טוב פסח דעם פירטן יאר** (ווען מען האט אויסגערוימט דאס וואס עס האט זיך אנגעזאמלט פון 1טן יאר, און 2טן יאר און 3טן יאר), **און ערב דעם ערשטן יום טוב פסח דעם זיבעטן יאר** (ווען מען האט אויסגערוימט, דאס וואס עס האט זיך אנגעזאמלט דעם 4־טן יאר, דעם 5טן יאר און דעם 6טן יאר). **אזוי ווי פסח האט דאך צוויי ימים טובים, דעם ערשטן טאג פסח און דעם לעצטן טאג פסח** (שביעי של פסח) **זאגט די משנה, אז דער ביעור דארף פארקומען ערב דעם ערשטן טאג פסח.** כיצד היה ביעור? ווי אזוי איז פארגעקומען דער ביעור? נותנין, מען גיט אוועק די תרומה און תרומת מעשר צו (זייערע) בעלי בתים (צו די כהנים, ווייל צו זיי געהערן דאך די תרומה און תרומת מעשר), און דעם מעשר ראשון צו זיינע בעלי בתים (צו די לויים, ווייל צו זיי גע־הערט דאך דער מעשר ראשון), און דעם מעשר עני צו זיינע בעלי־בתים (צו די ארימע לייט), און דער מעשר שני און ביכורים ווערן פארניכטעט אין יעדן ארט. **דעם מעשר שני און די ביכורים, וואס מען האט בעדארפן פירן קיין ירושלים, פירט מען איצט ניט מער קיין ירושלים, נאר מען פארניכטעט זיי, וואו זיי געפינען זיך. די משנה דער־מאנט ניט כרם רבעי, ווייל וועגן דעם איז די מחלוקה צווישן די בית שמאי און בית הלל (פריער אין משנה ג׳), צי עס האט ביעור. די משנה ראשונה״ זאגט, אז מיט**

בית שמאי אומרים, צריך לבער; ובית הלל אומרים, הרי הוא כמבוער.

ז. מי שהיו לו פירות בזמן הזה והגיעה שעת הביעור, בית שמאי אומרים, צריך לחללן על הכסף; ובית הלל אומרים, אחד שהן כסף ואחד שהן פירות.

ח. אָמר ר׳ יהודה, בראשונה היו שולחין אצל בעלי בתים שבמדינות „מהרו והתקינו את פירותיכם, עד שלא תגיע שעת הביעור״, עד שבא ר׳ עקיבא ולימד שכל הפירות שלא באו לעונת המעשרות פטורים מן הביעור.

ט. מי שהיו פירותיו רחוקים ממנו צריך לקרות להם שם. מעשה

---

מעשר שני מיינט מען אויך כרם רבעי, ר׳ שמעון זאָגט, אז די ביכורים גיט מען אוועק צו די כהנים אזוי ווי תרומה. די סתם־משנה האַלט אז ווייל ביכורים דארף מען פירן קיין ירושלים, האָבן זיי דעם דין ווי מעשר שני, וואָס מען דארף אויך פירן קיין ירושלים, און דעריבער פארניכטעט מען זיי; אָבער ר׳ שמעון האַלט, אז ווייל אין ירושלים גיט מען זיי דאָך אוועק צו די כהנים, דארף מען זיי ניט פארניכטן נאָר געבן צו די כהנים. התבשיל, געקעכץ, זאָגן די בית שמאי, אז מען דארף מבער זיין, און די בית הלל זאָגן, אז עס איז אזוי ווי מבער געווען. מיט „תבשיל״, „געקעכץ״ מיינט מען, אז מען האָט אריינגעטאָן פרוכטן פון מעשר שני (און דער ברטנורא לייגט צו „אָדער פון שמיטה״) אין געקעכץ, און די שאלה איז, צי דארף מען, ווען עס קומט אָן די צייט פון בעור, דאָס געקעכץ פארניכטן? די בית שמאי זאָגן, אז מען דארף מבער זיין; אָבער די בית הלל זאָגן, אז דאָס אריינטאָן אין געקעכץ הייסט אזוי ווי מען האָט שוין מבער געוועזן. דער ר״ש און דער רמבם טייטשן, אז אפילו דאָס געקעכץ איז אינגאַנצן פון מעשר שני דארף מען ניט מבער זיין.

ז. מי שהיו לו, אויב איינער האָט פרוכטן (פון מעשר שני) אין היינטיקער צייט (ווען עס איז ניטאָ קיין בית המקדש און מען קאָן זיי ניט פירן קיין ירושלים) און עס איז אָנגעקומען די צייט פון ביעור, זאָגן די בית שמאי, אז מען זאָל זיי אויסטוישן אויף געלט און די בית הלל זאָגן, אז סיי זיי זענען געלט, סיי זיי זענען פרוכטן. דער ברטנורא טייטשט, אז די בית הלל זאָגן, אז ווייל עס איז דאָך אלץ איינס, און סיי ווען מען האָט פרוכטן פון מעשר שני און סיי געלט, מוז מען דאָך עס „גונז״־זיין, באַהאַלטן, (לויט אנדערע מפרשים, מוז מען עס פארניכטן, און געלט דארף מען צערייבן און אריינוואַרפן אין טייך), צו־וואָס־זשע זאָל ער אויסטוישן די פרוכטן אויף געלט? דעריבער איז גלייכער, אז ער זאָל פארניכטן די פרוכטן זעלבסט.

ח. אמר ר׳ יהודה, האָט ר׳ יהודה געזאָגט, אין די ערשטע צייטן האָט מען געשיקט צו די בעל בתים (פון פעלדער און גערטנער) אויף דער פראָווינץ, אז זיי זאָלן זיך צו־איילן און מתקן זיין זייערע פרוכטן (אפשיידן תרומה און מעשרות) איידער עס קומט אָן די צייט פון ביעור. ווייל ווען עס וועט אָנקומען די צייט פון ביעור, ערב דעם ערשטען טאָג פסח אין פערטן און זיבעטן יאָר, וועלן זיי דארפן פארניכטן דעם מעשר שני, כאָטש מען האָט זיי נאָכניט געהאַט אָפּגעשיידט. עד שבא ר׳ עקיבא, ביז עס איז געקומען ר׳ עקיבא און ער האָט געלערנט, אז אלע פרוכטן, וועלכע האָבן נאָכניט דערגרייכט די צייט פון מעשרות זענען פטור פון ביעור. ר׳ עקיבא האָט געלערנט, אז אויב די פרוכטן זענען נאָך אין אזא מצב, אז מען דארף נאָכניט אָפּשיידן פון זיי תרומות און מעשרות (די משנה פרק א׳ אין מסכתא מעשרות גיט ווען איז די מעשרות צייט פון פארשידענע פרוכטן), דארף מען ניט מבער־זיין ווען עס קומט אָן די צייט פון ביעור.

ט. מי שהיו, אויב, אויב איינער האָט געהאַט פרוכטן ווייט פון זיך, דארף ער זיי געבן א נאָמען. אויב ער האָט נאָכניט געהאַט אָפּגעשיידט קיין תרומות און מעשרות

רבן גמליאל והזקנים שהיו באין בספינה. אָמר רבן גמליאל „עישור שאני עתיד למוד נתון ליהושע, ומקומו מושכר לו; עישור אחר שאני עתיד למוד נתון לעקיבא בן יוסף שיזכה בו לעניים, ומקומו מושכר לו". אָמר ר' יהושע „עישור שאני עתיד למוד נתון לאלעזר בן עזריה, ומקומו מושכר לו" ונתקבלו זה מזה שכר.

י. במנחה ביום טום האחרון היו מתודין. כיצד היה הוידוי? „בערתי

---

און עס קומט אָן די צייט פון ביעור, און די פרוכטן זענען ערגיץ אין אַן אנדער אָרט, דארף ער פונדערווייטנס זיי א „נאָמען געבן" (וועגן א „נאָמען געבן", זע אין מסכתא דמאי פרק ז' משנה א'), דאָס הייסט, זאָגן, אז דאָס איז תרומה, און דאָס איז מעשר ראשון און דאָס איז מעשר עני, און זיי אוועקגעבן פון דער ווייטנס תרומה צום כהן, מעשר צום לוי, און מעשר עני צו אַן אָרימאַן. מעשה, עס איז געווען א מעשה מיט רבן גמליאל און די זקנים (תנאים) וועלכע זענען געפאָרן אויף א שיף, האָט רבן גמליאל געזאָגט: דאָס צענטל (מעשר ראשון) וואָס איך וועל אָפּמעסטן (פון די פרוכטן וואָס ער האָט אין הויז) וועט ווערן געגעבן צו יהושע (ר' יהושע בן חנניה, וועלכער איז געווען א לוי), און זיין אָרט (דאָס אָרט וואו דער מעשר ראשון ליגט) איז פאַרדינגען צו אים (צו ר' יהושע), און דאָס אַנדערע צענטל (מעשר עני) וואָס איך וועל אָפּמעסטן איז גע־געבן צו עקיבא בן יוסף (ר' עקיבא) אז ער זאָל עס זוכה זיין פאַר די אָרימע לייט, און זיין אָרט איז פאַרדינגען צו אים. רבן גמליאל איז געפאָרן אויף א שיף צוזאַמען מיט זיינע חברים די תנאים (דאָס וואָרט „זקנים" איז א טיטל פאַר תנאים), און רבן גמליאל האָט געהאַט אין דער היים פרוכטן, פון וועלכע מען האָט שוין געהאַט אַראָפּגענומען תרומה (ווייל תרומה פלעגט מען אַראָפּנעמען באַלד אין שייער) אָבער ניט די מעשרות, און עס האָט זיך דערנענטערט ערב פסח פון ביעור־צייט. האָט רבן גמליאל פונדער־ווייטנס א נאָמען געגעבן צום מעשר ראשון און עס אוועקגעגעבן צו ר' יהושע, וועל־כער איז געווען א לוי, און מעשר עני האָט ער געגעבן צו ר' עקיבא, וועלכער איז געווען א צדקה־גבאי, אז ער זאָל עס נעמען פאַר די אָרימע לייט וועגן. און כדי ר' יהושע און ר' עקיבא זאָל שוין איצט ווערן די בעלי בתים פון די מעשרות, האָט ער זיי פאַרדינגען די ערטער, וואו די מעשרות ליגן און ממילא זענען די מעשרות גלייך אַריבער אין זייער רשות. אָמר ר' יהושע, האָט ר' יהושע (נאָכדעם ווי ער האָט באַקו־מען פון רבן גמליאל פאַרדינגען דאָס אָרט פון מעשר ראשון) געזאָגט: דאָס צענטל (תרומת מעשר, א צענטל פון מעשר ראשון, און תרומת מעשר געהערט צו א כהן) וואָס איך וועל אָפּמעסטן איז געגעבן צו אלעזר בן עזריה (ער איז געווען א כהן), און זיין אָרט איז צו אים פאַרדינגען. דאָס וואָס רבן גמליאל האָט געטאָן מיט די מעשרות האָט ר' יהושע געטאָן מיט דעם תרומה מעשר, און האָט פאַרדינגען דאָס אָרט, וואו דער תרומה מעשר ליגט, צו ר' אלעזר בן עזריה, און ממילא איז די תרומת מעשר אַריבער אין זיין רשות. ונתקבלו, און זיי האָבן גענומען איינער פון אנדערן דאָס געלט פאַרן פאַרדינגען. רבן גמליאל האָט גענומען פון ר' יהושע און ר' עקיבא דירה־געלט פאַר דעם אָרט פון די מעשרות, און ר' יהושע האָט גענומען פון ר' אלעזר בן עזריה דירה־געלט פאַר דעם אָרט פון תרומת מעשר. ווייל נור ווען זיי האָבן געגעבן געלט זענען די ערטער געוואָרן זייערע.

י. במנחה, צו מנחה־צייט, אין לעצטן טאָג יום טוב (פון פסח) האָט מען זיך מתודה געווען. נאָכדעם ווי מען האָט מבער געווען ערב דעם ערשטן טאָג פסח, האָט מען זיך איבערגעלאָזט פון מעשר שני (אין ירושלים) גענוג שפּייז כדי צו האָבן צו עסן א גאַנצן פסח, אויך חול המועד, און צו מנחה דעם לעצטן טאָג יום טוב פסח (שביעי של פסח) האָט מען זיך מתודה געווען אין בית המקדש. דאָס מתודה זיין איז געווען, ווי די משנה וועט באַלד דערקלערן, דאָס זאָגן די פרשה אין חומש דברים כ"ו

הקודש מן הבית״, זה מעשר שני ונטע רבעי. „נתתיו ללוי״ זה מעשר לוי. „וגם נתתיו״, זו תרומה ותרומת מעשר. „לגר ליתום ולאלמנה״, זה מעשר עני, הלקט והשכחה והפאה, אף על פי שאינן מעכבין את הוידוי. „מן הבית״, זו חלה.

יא. „ככל מצותך אשר צויתני״, הא אם הקדים מעשר שני לראשון אינו יכול להתודות. „לא עברתי ממצותיך״, לא הפרשתי ממין על שאינו מינו, ולא מן התלוש על המחובר, ולא מן המחובר על התלוש, ולא מן החדש על הישן, ולא מן הישן על החדש. „ולא שכחתי״, לא שכחתי מלברכך ומלהזכיר שמך עליו.

---

**פון דעם פסוק י״ג „בערתי הקדש מן הבית״, ביז צום סוף פסוק ט״ז „זבת חלב ודבש, דאס הייסט „וידוי״, ווייל דער בעל הבית פון פעלד און גארטן זאגט דא פאר גאט, אז ער האט מקיים געווען די מצוות צו געבן תרומה און מעשרות, און איז מתפלל צו גאט, אז ער זאל אים העלפן אויך ווייטער.** כיצד, ווי אזוי איז געווען דאס מתודה־זיין־זיך? **און דא הייבט אן די משנה צו ברענגען די אלע פסוקים פון חומש דברים כ״ו, און גיט אויך אן דאביי די יסוד־דינים פון תרומה און מעשרות. ער האט געזאגט:** „בערתי הקדש מן הבית״, „איך האט ארויסגערוימט די הייליקייט פון הויז״, דאס איז מעשר שני און נטע רבעי (ווייל זיי דארף מען פארניכטן ביי דער צייט פון ביעור); „נתתיו ללוי, „איך האב אים געגעבן צום לוי״, דאס מיינט מען מעשר לוי (מעשר ראשון); „וגם נתתיו״, „און איך האב אים אויך געגעבן״, דאס מיינט מען תרומה און תרומת מעשר (צום כהן); „לגר ליתום ולאלמנה״, „צום גר, צום יתום און צו דער אלמנה״, דאס מיינט מען מעשר עני, לקט און שכחה און פאה (וואס געהערן צו ארימע לייט), כאטש זיי זענען ניט מעכב דאס מתודה זיין זיך. **די משנה זאגט דא, אז כאטש אפילו ווען מען האט ניט אוועקגעגעבן צו ארימע לייט לקט שכחה און פאה מעג מען זיך מתודה זיין, פונדעסטוועגן דערמאנט ער אז ער האט אויך שוין דאס אוועקגעגעבן.** „מן הבית״, „פון הויז״, דאס מיינט מען חלה (וואס געהערט צום כהן). **ביז איצט האט דער, וואס האט זיך מתודה געווען אויסגערעכט און דערציילט פאר גאט, אז ער האט מקיים געווען די אלע מצוות פון אפשיידן תרומה און מעשרות און חלה פון זיינע פרוכטן. איצט וועט די משנה געבן די ווייטערדיקע פסוקים און אנווייזן די דינים, וועלכע מען דארף אפהיטן ווען מען שיידט אפ תרומה און מעשרות, און ווען מען עסט מעשר שני אין ירושלים.**

יא. „ככל מצותך אשר צויתני״, „ווי דיין גאנץ געבאט וואס דו האסט מיך גע־הייסן״, דערפון איז געדרינגן, אז אויב מען האט אפגעשיידט מעשר שני פריער פון מעשר ראשון טאר מען ניט זיך מתודה זיין. **מען מעג זאגן דעם וידוי, נאר ווען מען שיידט אפ ריכטיק דעם מעשר; אבער אויב מען האט ניט ריכטיק אפגעשיידט, למשל, פריער מעשר שני דערנאך מעשר ראשון, טאר מען ניט זאגן דעם וידוי.** „לא עברתי ממצותיך״, „איך האב ניט עובר געווען אויף דיינע מצוות״, „איך האב ניט אפגע־שיידט פון איין מין אויף אן אנדערן מין, און ניט פון אפגעריסענע פרוכטן אויף בא־האפטענע (צו דער ערד), און ניט פון באהאפטענע אויף אפגעריסענע, און ניט פון נייע (וואס זענען אראפגענומען געווארן דעם נייעם יאר) אויף אלטע (פון פאריגן יאר), און ניט פון אלטע אויף נייע״. **די משנה רעכנט דא אויס די יסוד־דינים, וואס מען דארף אפהיטן ביים אפשיידן תרומה און מעשרות. די דינים זענען פאראן פריער אין מסכתא תרומות פרק א׳ משנה ה׳ און פרק ב׳ משנה ד׳.** „ולא שכחתי״, „און איך האב ניט פארגעסן, דיך צו בענטשן און צו דערמאנען דיין נאמען אויף אים״. **ווייל ביים אפ־שיידן תרומה און מעשרות מאכט מען דאך א ברכה, דעריבער זאגט ער איז דעם וידוי, אז ער האט ניט פארגעסן צו מאכן די ברכה.**

**יב. „לא אכלתי באוני ממנו״, הא אם אכלו באנינות אינו יכול להתודות. „ולא בערתי ממנו בטמא״ הא אם הפרישו בטומאה אינו יכול להתודות. „ולא נתתי ממנו למת״, לא לקחתי ממנו ארון ותכריכים למת. „ולא נתתיו״ לאוננים אחרים. „שמעתי בקול יהוה אלהי״, הבאתיו לבית הבחירה. „עשיתי ככל אשר צויתני״, שמחתי ושימחתי בו.**

**יג. „השקיפה ממעון קדשך מן השמים״, עשינו מה שגזרת עלינו אף אתה עשה מה שהבטחתנו. „השקיפה ממעון קדשך מן השמים וברך**

---

יב. לא אכלתי באוני ממנו״, „איך האָב ניט געגעסן מיט טרויער פון איס״, דערפון איז געדרינגן, אז אויב מען האָ איס (דעם מעשר שני) געגעסן ווען מען איז אן אונן טאָר מען ניט זאָגן דעם וידוי. אן „אונן״ הייסט מען דעם טאָג ווען עס איז **געשטאָרבן א נאָנטער קרוב; נאָר ווערלכן מען איז אן אבל. אין יענעם טאָג טאָר מען ניט עסן קיין מעשר שני, און אויב מען האָט געגעסן, טאָר מען ניט זאָגן דעם וידוי.** „ולא בערתי ממנו בטמא״, „און איך האָב איס ניט אויסגערוימט מיט טומאה״, דערפון איז געדרונגן, אז אויב מען האָט איס (דעם מעשר שני) אָפּגעשיידט בטומאה טאָר מען ניט זאָגן דעם וידוי. **דער „תפארת ישראל״ טייטשט, אז דאָס מיינט מען, אויב בשעת מען האָט אָפּגעשיידט דעם מעשר שני איז דער מענטש, וואָס האָט איס אָנגערירט ביים אָפּשיידן, געווען טמא.** „ולא נתתי ממנו למת״, „און איך האָב פון איס ניט געגעבן צו א טויטן״, איך האָב ניט גענומען פון איס אן ארון און תכריכים פאַר א טויטן. **דער דין איז, אז מעשר־שני־פּרוכטן מעג מען באנוצן נאָר צום עסן און טרינקן און שמירן זיך; און אפילו פאַר א לעבעדיקן מענטש טאָר מען איס אויך ניט פאַרנוצן פאַר אנדערע זאַכן. דער ירושלמי זאָגט, אז די משנה מיינט, אז אפילו שמירן אייל פון מעשר שני, וואָס א לעבעדיקער מענטש מעג דאָ יאָ, טאָר מען אויך ניט ביי א טויטן.** „ולא נתתיו״, „און איך האָב איס ניט געגעבן״, צו אנדערע אוננים. **מיר האָבן שוין פריער געשריבן, אז אן אונן טאָרניט עסן מעשר שני; און ער זאָגט דעריבער אין וידוי, אז ניט נאָר האָט ער אליין ניט געגעסן ווען ער איז געווען אן אונן, נאָר ער האָט אויך אנדערע מענטשן, ווען זיי זענען געווען אוננים, ניט געגעבן צו עסן מעשר שני.** „שמעתי בקול ה׳ אלהי״, „איך האָב געפאָלגט דעם קול פון גאָט מיין גאָט״, איך האָב איס געבראַכט אין בית המקדש. **אין וידוי דערקלערט ער, אז ער האָט מקיים געווען אויך די מצוה צו ברענגען דעם מעשר שני אין בית המקדש. דאָס וואָרט „בית הבחירה״ „דאָס הויז פון אויסדערוויילונג״, מיינט דעם בית המקדש, פון דעם פסוק אין דברים י״ד „המקום אשר יבחר ה׳ אלהיך״, דאָס אָרט, וואָס עס וועט אויסוויילן גאָט דיין גאָט. די „משנה ראשונה״ ווייזט דאָ אָן, אז אייגנטליך האָט מען מעשר שני ניט באַדאַרפן ברענגען אין בית המקדש, נאָר בלויז אין ירושלים. די „תוספות אנשי שם״ זאָגט, אז ווייל דאָס וידוי־זאָגן איז פאַרגעקומען אין בית המקדש, דעריבער זאָגט ער דאָ בית המקדש.** „עשיתי ככל אשר צויתני״, „איך האָב געטאָן ווי אלץ וואָס דו האָסט מיר געהייסן״, איך האָב מיך געפרייט און האָב דערפרייט אנדערע. **דאָס הייסט, אז ער האָט אליין געגעסן מיט שמחה און ער האָט אויך אנדערע מענטשן געגעבן צו עסן און משמח געווען.**

יג. „השקיפה ממעון קדשך מן השמים״, „קוק אראָפּ פון דיין הייליקער וואוינונג פון הימל״ מיר האָבן געטאָן, וואָס דו האָסט גוזר געווען אויף אונז, טו אויך דו וואָס דו האָסט אונז צוגעזאָגט. **דאָ הויבט זיך אָן דער תפלה־טייל פון דעם וידוי, אין וועלכן מען בעט גאָט, אז ער זאָל מקיים זיין זיינע הבטחות, אז ער וועט בענטשן דאָס יידישע פאָלק און דאָס יידישע לאַנד.** „השקיפה ממעון קדשך מן השמים וברך את עמך את ישראל״, „קוק אראָפּ פון דיין הייליקער וואוינונג, פון הימל, און בענטש דיין פאָלק ישראל״, מיט זין און מיט טעכטער. **די ברכה זאָל זיין, אז עס זאָל פאַרמערט**

